ד. פלאַקסער

# פּראָלעטאַרישע קולטור אונטערן פּראָזשעקטאָר פון מאַרקסיזם

ע ס י י



ארויסגעגעבן פון דער גרופּע „אייגענע“.

ISBN:0-657-12306-4





ד. פלאַקסער

# פראָלעטאַרישע קולטור אונטערן פראזשעקטאר פון מאַרקסיזם

עסיי



ארויסגעגעבן פון דער גרופע „אייגענע“.
יאנואר, 1927.

# אינהאַלט:

## פראָלעטאַרישע קולטור אונטערן פּראָזשעקטאָר פון מאַרקסיזם.

### 1. ארייַנפיר.

זייער פיל איז שוין גערעדט, געשריבן און דיסקוטירט געוואָרן וועגן דער פראגע פון פראָלעטארישע קולטור. די פראגע איז פאר די לעצטע יאָרן געוואָרן זייער אקטועל. מען פּילפּלט זיך, צי עס איז יאָ, אָדער ניט פאראן אזא זאך ווי פראָלעטארישע קולטור. אויב יאָ? אין וואָס דריקט זי זיך אויס, צי מיר האָבן שוין היינט צו טאָג אזא קולטור אָדער זי וועט איצט אנטשטיין.

די אקטועלקייט פון די אַלע פראגן איז ארויפגעשווימען אַ דאנק דעם פּראָצעס פון דער אידייאָלאָגישער אויסקריסטאַליזירונג פון די געזעלשאפטלאכע קלאסן. די פולע אידייאָלאָגישע אויסקריסטאַלי־זירונג פון די געזעלשאפטלאכע קלאסן האָט זיך אָנגעפאנגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט באַווירקט אריינצוברענגען קלאָרקייט אין די קלאסן אידייאָלאָגיעס. עס קומען פאָר שטארקע אידייאָלאָגישע איבער דיפערענצירונגען פון גרופּן, שיכטן און קלאסן.

אויך אין די אַלטע סאָציאַל דעמאָקראַטישע צייטן האָט דער ארבעטער קלאס געקעמפט קעגן בירגערטום אפן פאליטישן און עקאָנאָמישן פראָנט, אָבער ווען עס איז געקומען צו קולטור פראגן זענען פארשוואונדן די טיפע מיינונגס פארשידנהייטן, און די סאָצ. דעמ. האָט אַף דעם געביט, מיטגעארבעט מיטן בירגערטום.

די סאָצ. דעמ. האָט פונקט ווי דאָס בירגערטום באטראכט די קונסט, אלס עפּעס א מעטאפיזישע דערשיינונג. עפּעס א זאך וואָס שטייט העכער פון לעבן, די סאָצ. דעמ. האָט ניט געצויגן די קלאָרע גראדע קלאסן ליניע, אַף אַלע געביטן פון געזעלשאפטלאכן לעבן. די קונסט האָט זי נאָר פארהייליקט אַלס א זאך וואָס שטייט אויסער

געזעלשאַפֿט. די סאָצ. דעמ. האָט אויך אַזאַ אויפֿן געשאַפֿן די פֿאַר־טונקלונג פֿון קלאַסן באַוואוסטזיין.

די פֿראַגע פֿון פּראָלעטאַרישע קולטור איז איצט אַרויפֿגע־שוואומען אויפֿ'ן טאָג אָרדנונג פֿאַר די לעצטע פּאָר יאָר, און איז געוואָרן אַנ'אַקטועלער פּראָבלעם.

האָגאָם עס איז שוין דערשינען אַ שפּאַר ביסל מאַרקסיסטישע ליטעראַטור איבער דער פֿראַגע. עס זענען דערשינען אַ גאַנצע רייע אַרבעטן פֿון לונאַטשאַרסקי, טראָצקי, קערזשענצעוו, מאַרטין־לו און פֿון פֿיל אַנדערע, אויסער דעם זענען אין דער אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע פּרעסע דערשינען אומציילֿיקע אַרטיקלען איבער דער פֿראַגע, דאָך איז נאָך דער פּראָבלעם, ניט קיין פֿול געלעזטער. ניט אין אַלע פֿאַלן איז אָט די זייער קאָמפּליצירטע פֿראַגע באַלויכטן געוואָרן מיטן פּראָזשעקטאָר פֿון מאַרקסיזם, קעדיי פֿאַר אונדז זאָלן זיך אַנפּלעקן די איינצלנע פֿעדים פֿון אָט דעם קאָמפּליצירטן געוועב.

לויט מיין מיינונג ברענגען סיי טראָצקי און סיי קערזשענצעוו אַריין פֿונדאַמענטאַלע טאָעסן, וועלכע נעמען זיך פֿון דעם ניט ריכטיק אָנווענדן דעם מאַרקסיסטישן אַנאַליז אין דער פֿראַגע. אין דעם פּראָבלעם פֿון פּראָלעטאַרישע קולטור זענען אויך דאָ פֿיל פֿונדאַמענטאַלע גרונדלאַגן, וועלכע זענען נאָך ניט באַהאַנדלט געוואָרן, און נויטיגן זיך נאָך אַז פֿאַר די קומענדע יאָרן, זאָלן די אַלע פֿראַגן אויסגעדראָשן ווערן און אַ קלאָרקייט זאָל אַריינגעבראַכט ווערן.

יעדער בייטראַג צו דעם פּראָבלעם, באַטראַכט פֿון אַ מאַרק־סיסטישן שטאַנדפּונקט, העלפֿט מיט צו דער באַלייכטונג פֿון דער פֿראַגע, און צו דער לעזונג פֿון אירע פּראָבלעמען.

לויט מיין מיינונג זיינען ביז איצט געמאַכט געוואָרן אַ גאַנצע רייע פֿונדאַמענטאַלע טאָעסן. די אַלע טאָעסן נעמען זיך הויפּטזעכליך פֿון דעם ניט ריכטיק אָוועקשטעלן פֿאָלגענדע הויפּט פּונקטן:

1. וואָס מען טיילט ניט אָפּ די מאַטעריעל־טעכנישע קולטור דערגרייכונגען פֿון דער אַזוי גערופֿענער גייסטיקער קולטור.
2. וואָס אויך אין דער גייסטיקער קולטור, מישט מען צוזאַמען פֿאַרשידענע קולטור עלעמענטן, קולטור פֿאָרמען, ווי אויך קולטור דערשיינונגען וועלכע טראָגן אַריין שוועריקייטן אינ'ם

פאַרשטיין דעם איניען. מען רעדט וועגן דער פראַגע אַבסטראַקט, און מען טיילט דערביי ניט אויס, דעם אָדער יענעם קולטור עלעמענט פון אונדזער גייסטיקן באַשאַף, קעדיי צו קענען באַטראַכטן, צי אין דעם מעהוס פון דעם קולטור עלעמענט איז יאָ אָדער ניט פאַראַן אַ קלאַסן צעטיילונג.

3. דאָס ניט ריכטיק אָפּשאַצן און באַהאַנדלען די טערמינען: קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם.

4. דאָס ניט באַטראַכטן די סטאַטיק און דינאַמיק פאַר כאַראַקטע־ריסטישע סעמאָנים פון דער פּראָלעטאַרישער און בורזשו־אַזנער קולטור.

5. און דער הויפּט טאָעס. דאָס אינדענטיפיצירן די פּראָלעטאַרישע, מיט דער צוקונפטיקער קאָמוניסטישער קולטור.

## 2. מאַטעריעלע און גייסטיקע קולטור.

רעדנדיק איבער פּראָלעטאַרישער און בורזשואַזנער קולטור, דאַרפן מיר זיך קוידעם קאָל, קלאָר מאַכן די פראַגע: וואָס איז אַזעלכעס קולטור? — אין וואָס פאַר אַ פאָרמען דריקט זי זיך אויס?

עס וואָלט שווער געווען צו געבן אַ גענוי באַגרעניצטע, קורצע דעפיניציע איבערן באַגריף קולטור, ווייל קולטור פונקט ווי דאָס גאַנצע לעבן איז פיל געשטאַלטיק, דאָס גאַנצע לעבן, אָדער די גאַנצע מענשלאַכע קולטור איז אויסערגעוויינדלאַך קאָמפּליצירט. דער מענטש לעבט, און אין זיין קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ זאַמלט ער אַלץ מער דערפאַרונגען. דאָס לעבן פליסט, ענדערט זיך. קולטור געפינט זיך אין אַ שטענדיקן אונאויפהערלאַכן אַנטוויקלונגס פּראָ־צעס. יעדער מענטשלאַכע דערגרייכונג סיי אויפן גייסטיקן און סיי אויפן ווירטשאַפטלאַכן מאַטעריעלן געביט, איז אַלץ אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער מענטשלאַכער קולטור. קולטור וואָלט מען דערביי געקענט באַצייכענען: א ל ס א נ ׳ אָ נ ז א מ ל ו נ ג פ ו ן ג י י ס ט י ק ע א ו ן מ א ט ע ר י ע ל ע ט ע כ נ י ש ע ד ע ר ג ר י י כ ו נ ג ע ן פ ו ן מ ע נ ש ל א כ ן ב א ש א ף.

די אונטערערדישע באַן, די לופט שיף, זענען פונקט אַזעלכע

טיילן פון דער מענטשלאַכער קולטור, ווי די פּאָעזיע און מאַלעריי. די פילאָזאָפיע, דער שטאַט, זענען פונקט אַזעלכע טיילן פון דער מענטשלאַכער קולטור ווי די עטיק און באַציאונגען פון מענטש צו מענטש, די פאָלקס ווירטשאַפט, פונקט ווי די פאַמיליע אָרגאַניזאַציע. מיט איין וואָרט: ק ו ל ט ו ר א י ז א ל ץ ו ו אָ ס ד י מ ע נ ט ש ה י י ט ה אָ ט ד ע ר ג ר י י כ ט ב י ז ן ה י י נ ט י ק ן ט אָ ג. א ל ע ג י י ס ט י ק ע א ו ן מ אַ ט ע ר י ע ל ע א ו י צ ר ע ס ו ו אָ ס ד י מ ע נ ט ש ה י י ט ה אָ ט ז י ך א י י נ ג ע ש אַ פ ן.

האַגאַם מיר באַטראַכטן די פילאָזאָפיע, די פּאָעזיע, די מאַלעריי. דאָס טעאַטער א. אַ. אַלס טיילן פון דער מענטשלאַכער קולטור, פונקט ווי די מאָדערנע מאַשין, באַן אָדער שיף. דאָך ווען מיר אַנאַליזירן די פראַגע פון פּראָלעטאַרישע קולטור, און ספּעציעל די פראַגע פון פּראָלעטאַרישע קונסט, דאַרפן מיר אין אַ געוויסן הינזיכט אויסטיילן די מאַטעריעל טעכנישע קולטור דערגרייכונגען פון דער אַזוי גערופענער גייסטיקער קולטור. כאָטש די פאָרם און דער כאַראַקטער אין וועלכער עס דריקט זיך אויס די גייסטיקע קולטור, איז אַ פויעל יוצא פון די טעכנישע קולטור דערגרייכונגען, פון די פּראָדוקציאָנס באַדינגונגען, דאָך איז דער מעהוס פון דער מאַטעריעלער און פון דער גייסטיקער קולטור, פאַרשידנאַרטיק. די מאָדערנע טעכנישע קולטור דערגרייכונגען, וואָס זענען געקומען מיט דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם זיינען טאַקע די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פון דער איצטיקער געזעלשאַפטלאַכער קולטור. דאָך איז אין דער טעכנישער קולטור ניט פאַראַן קיין קלאַסן צעטיילונג. די מאַטעריעלע קולטור ווערט באַהערשט און איז אין באַזיץ פון הערשנדן קלאַס, דאָך שטייט זי אין איר מעהוס אויסער קלאַס. אַ באַן, שיף אָדער מאַשין קען זיין פּראָלעטאַריש נאָר אין דעם זין פון באַזיץ, בעאַיים די גייסטיקע קולטור, קען זיין קוואַליטאַטיוו פּראָלעטאַריש. דער פּראָלעטאַריאַט נעמט נאָר איבער, אין זיין באַפרייאונג די מאַטעריעלע קולטור און זעצט פאָר איר אַנטוויקלונג.

די גייסטיקע קולטור: קונסט, פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט, איז אַנ'אַרויסשטראַלונג פון דער מאַטעריעל טעכנישער קולטור, דער

וואוקס און אנטוויקלונג פון דער מאַטעריעלער קולטור, ווערט אָבער באַווירקט און באאיינפלוסט דורך די אָנזאמלונגען פון גייס־טיקע דערפאַרונגען. די מאַטעריעלע און גייסטיקע קולטור זענען צווישן זיך ענג פאַרבונדן און ווירקן קעגנזייטיק. דאָס איז דעריבער ווייל זיי זיינען ביידע א רעזולטאַט פון איין אורזאַך.

ווילנדיק אנאַליזירן די געזעלשאַפטלאַכע קולטור, סעדיי אין איר צו באַטראַכטן די קלאַסן ליניע, זען די קלאַסן ווירקונגען און קלאַסן שייכוסן, מוזן מיר צומערשט אָפּטיילן די מאַטעריעלע טעכ־נישע קולטור דערגרייכונגען פון דער גייסטיקער קולטור.

אינם ווייטערדיקן אנאַליז וועלן מיר בלויז באַטראַכטן די גייס־טיקע קולטור, און בלויז אזוי פיל רעדן איבער דער מאַטעריעלער קולטור אַף וויפיל זי האָט א ווירקונגס שייכוס אין דער אויסקרים־טאַליזירונג פון דער גייסטיקער קולטור, און אין דער פאַרמירונג פון איר קלאַסן כאַראַקטער.

## 3. די קלאַסן ליניען אין דער קולטור

אויך די גייסטיקע קולטור טאָרן מיר ניט באַטראַכטן אַלס איינהייטלאַך גאַנצעס, נאָר אויסטיילן יעדן קולטור עלעמענט, יעדער קולטור פאָרם, און יעדער קולטור דערשיינונג, דאַן ערשט אנאַליזירן צו אין דעם אָדער יענעם איז יאָ אָדער ניט פאַראַן א קלאַסן צעטיילונג. דאַן וועלן מיר ערשט וויסן צו דער באַשטימטער קולטור עלעמענט איז בירגערלאַך אָדער פּראָלעטאַריש, מיר מוזן אויסטיילן געוויסע וויסנשאַפטן און אין זיי ציען א קלאַסן ליניע. ווי אויך באַטראַכטן זיי אַלס באַזונדערע קולטור עלעמענטן.

מיר מוזן אויסטיילן די עטיק אַלס באַזונדערן קולטור עלעמענט, די מאָראַל, די פילאָזאָפיע, די קונסט: ליטעראַטור, דראַמע, מאַלעריי, פּאָעזיע, א. א. וו. און זיי באַזונדער באַטראַכטן צו אין זייער מעהוס איז יאָ אָדער ניט פאַראַן א קלאַסן צעטיילונג.

האַגאַם די באַזונדערע קולטור עלעמענטן זענען צווישן זיך ענג פאַרבונדן, איינע האָט א ווירקונג און איז א רעזולטאַט פון דער צווייטער. אַלע קולטור עלעמענטן זענען ניט מער ווי רעזול־טאַטן פון איין אורזאַך. אָבער באַטראַכנדיק, מוזן מיר צעגלידערן און אויסטיילן יעדן עלעמענט באַזונדער.

פאַר יעדן מאַרקסיסטיש דענקנדן איז קלאָר אַז דער אַרבעטער קלאַס, האָט אַ גאַנץ אַנדער מאָראַל און עטיק ווי עס האָט די בור־זשואַזיע. דער אינהאַלט פון דער עטיק הײַנט צו טאָג איז אַזוי פולגעשטאַלטיק, ווי די אינטערעסן פון די ווירטשאַפטלאַכע קלאַסן. די פולגעשטאַלטיקייט פון דער עטיק זענען זיך ווידערשפּרעכענד אַזוי ווי די קלאַסן לערעס. די קלאַסן דיפערענציאַציע אין דער געזעלשאַפט האָט דיפערענצירט די עטיק. יעדער קלאַס לעבט זיך אין אַ באַזונדערער גייסטיקער וועלט; די וועלט אויפאַסונג, די באַגריפן, די אַנשויאונגען פון איין קלאַס, זיינען פּאָלקאָם פרעמד דעם צווייטן קלאַס. אַ דאַנק אָט דער קלאַסן אידייאָלאָגיע שאַפט זיך אויך אַ קלאַסן סאָלידאַריטעט און אַ קלאַסן עגאָאיזם.

די שאַרפע ליניען פון דער קלאַסן דיפערענציאַציע, אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן, זיינען קיינמאָל ניט געווען אַזוי שאַרף ווי אין דעם איצטיקן הויך אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם. די פּראָלעטאַרישע קלאַסן עטיק און קלאַסן מאָראַל, זיינען אין אַלע הינזיכטן אין קעגנזאַץ צו די בירגערלאַכע באַגריפן איבער מאָראַל און עטיק. די פּראָלעטאַרישע, פּונקט ווי די בורזשואַזנע מאָראַל און עטיק, זיינען ניט קיין הומאַניטאַרע אַבסטראַקציעס, נאָר זיי זיינען אַ רעזולטאַט פון געוויסע קאָנקרעטע באַדינגונגען; פון די פּראָדוקציאָנס באַדינגען. פון די קלאַסן באַציאונגען. דאָס וואָס עס איז גוט און שיין פאַר איין קלאַס, ווייל דאָס איז אין זיינע קלאַסן אינטערעסן, איז מיעס און שלעכט פאַרן צווייטן קלאַס.

אַ מענש פון אַ באַשטימטער קלאַן סוויווע, אַ מענש וואָס איז מיט טויזנטער פעדים צוגעבונדן צו זיין קלאַס, קאָן גאָר ניט האָבן קיין אַנדערע באַגריפן איבער מאָראַל און עטיק, ווי עס פאָדערן די אינטערעסן פון זיין קלאַס. (N. N. Uber Proletarische Ethik)

קיינער וועט ניט לייקענען אַז די מאָראַל און עטיק פון אַ גע־זעלשאַפט אָדער קלאַס זיינען די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אינם באַ־שטימען דעם כאַראַקטער פון די מערסטע קונסט צווייגן און פון דער גאַנצער געזעלשאַפטלאַכער קולטור. קיינער וועט אויך ניט לייקענען אַז די מאָראַל און עטיק, זיינען טיילן פון דער מענשלאַכער קולטור. זעענדיק אַ קלאַסן צעטיילונג אין מאָראַל און עטיק אַלס

קולטור עלעמענטן, קאָנען מיר אויך שוין לייכט באַשטימען צי די אָדער יענע מאָראַלע האַנדלונג איז בורזשואַז אָדער פּראָלעטאַריש.

אויך אין דער פילאָזאָפיע, וועלכע איז מיט טויזנטער פעדים פאַרבונדן מיט דער פּאָליטיק און מיט מאָראַל און עטיק, מיט דער אידייאָלאָגיע פון דער אָדער יענער געזעלשאַפט אָדער קלאַס, ציען מיר אַ שאַרפע ליניע צווישן פּראָלעטאַרישן און בורזשואַזנעם. דער אַרבעטער קלאַס האָט אַ קעגנזעצלאַכן פילאָזאָפישן בליק אויפן לעבן, אויף נאַטור און געזעלשאַפט, ווי עס האָט די בורזשואַזיע, דער אַרבעטער קלאַס האָט זיך זיין אייגענע געשיכטס פילאָזאָפיע, און האָט אַן אייגענער מאָס צו מעסטן און אָפּצושאַצן דאָס קעגנווערטיקע סאָציאַלע לעבן, דער אַרבעטער קלאַס האָט אַ גאַנץ אַנדערע וועלט אַנשויאונג ווי עס האָט די בורזשואַזיע. דער אַרבעטער קלאַס, — אַמווינציקסטענס זיינע אידייאישע פאַרטרעטער, — זיינען דורכגעדרונגען מיט דער מאַרקסיסטישער לעבנס און וועלט פילאָזאָפיע.

אויך ווען מיר באַטראַכטן אַזאַ קולטור עלעמענט ווי די דערציאונג, זעען מיר אַ קלאָרע קלאַסן ליניע צווישן פּראָלעטאַרישן און בורזשואַזנעם. האַגאַם אין די קאַפּיטאַליסטיש באַהערשטע לענדער, ליגט די דערציאונג אינגאַנצן אין די הענט פון הערשענדן קלאַס, און די דערציאונג איז דורך און דורך בורזשואַז, דאָך האָט אָבער דער אַרבעטער קלאַס זיין קעגנזעצלאַכן בליק אויף דערציאונג.

ווען מיר באַטראַכטן די פּעדאַגאָגיק אַלס אַ וויסנשאַפט, קאָנען מיר אין פיל דערציאונגס טעאָריעס דערקענען דעם קלאַסן איינפלוס, און אין זיי ציען אַ שאַרפע קלאַסן ליניע, און זען אירע קלאַסן שייכוסן און ווירקונגען.

ביידע, סיי די פּראָלעטאַרישע און סיי די בורזשואַזנע פּעדאַגאָגיק שטייען אויפן שטאַנדפּונקט פון קלאַסן דערציאונג. די אינטערעסן פון ביידע קלאַסן זיינען אָבער קעגנזעצלאַכע און זיי שטעלן זיך אַנדערע צילן אין דער דערציאונג. די מיטלען צו דערגרייכן די צילן וועלכע זיינען קעגנזעצלאַך, זיינען זיך אויך סויסער. די פּראָלעטאַרישע פּעדאַגאָגיק שטייט דאַריבער אויפן שטאַנדפּונקט אַז די דערציאונג דאַרף פאָרשן און ווייטער אַנטוויקלען די אידייאָלאָגיע פון דער סאָציאַלער גרופּע פון וואַנען דאָס קינד געהערט.

מיר מוזן פאַרבינדן וואָס ענגער די דערציאונג מיט לעבן אויב מיר לעבן אין א קלאסן געזעלשאפט, בעמיילע מוז אויך די דערציאונג טראָגן א קלאסן כאראקטער.

די בירגערלאכע פעדאגאָגיק מאכט דעם מיקלוימערשטן אָנ־שטעל אַז זי שטייט אויסער קלאסן, אירע שולן זיינען פּאָלקס שולן, ווי זי זאָל האָבן א גלעגנהייט צו פארסאמען די ארבעטער קינדער מיט די בירגערלאכע באגריפן פון מאָראל און עטיק.

אינאלגעמיין שיידט זיך די פּראָלעטארישע פעדאגאָגיק פיל אונטער פון דער בירגערלאכע. ביידע גייען ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק ארויס פון די אינטערעסן פון זייער קלאַס. אין דער דער־ציאונג אלס קולטור עלעמענט זעען מיר א קלאָרע קלאסן ליניע צווישן בירגערלאכן און פּראָלעטארישן.

ווען מיר נעמען אזא קולטור עלעמענט ווי די געשיכטס וויסנ־שאפט, זעען מיר אז דער פּראָלעטאריאט באטראכט די מענשלאכע אנטוויקלונג, די געשיכטע, אויף א גאנץ אנדערן אופן ווי די בור־זשואזיע. האנאס געשיכטע איז א וויסנשאפט וואָס האָט בלויז צו טאָן מיטן ריינעם אָביעקטיוון פאָרשן. דאָך זיינען די רעזולטאטן פון דער געשיכטס פאָרשונג,ביים ארבעטער קלאס אנדערע ווי ביים בירגערטום.

די פּראָלעטארישע עקאָנאָמישע וויסנשאפט איז אין אלע פּראָ־טים אין קעגנזאץ צו דער בורזשואזנער עקאָנאָמישער וויסנשאפט.

אויף יעדן געביט פון געזעלשאפטלאכן פאָרשן, איז פאראן א פּראָלעטארישע און בורזשואזנע וויסנשאפט, בעסער געזאָגט, אין די טעאָריעס פון אלע סאָציאלע וויסנשאפטן איז פאראן א קלאסן צעטיילונג.

אויף אזא אופן זעען מיר אין פיל וויסנשאפטן, וועלכע זיינען וויכטיקע קולטור עלעמענטן, א קלאָרע קלאסן צעטיילונג. דאָס הייסט אָבער נישט אז אין וויסנשאפט ביקלאל קאָנען מיר ציען א קלאסן ליניע, אזא ליניע קאָנען מיר ציען אין די סאָציאלע וויסנשאפטן.

בעאיים אלע אנדערע וויסנשאפטן טראָגן א קלאסן כאראקטער נאָר אין זין פון באזיץ אָדער קאָנטראָל, איז דער קלאסן כאראקטער פון די געזעלשאפטלאכע וויסנשאפטן אוממיטלבאר קוואליטאטיוו.

דאָס באַווייזט אונדז נאָכאַמאָל, אַז מיר טאָרן װעגן דער פראַגע פון פּראָלעטאַרישע קולטור ניט רעדן אַבסטראַקט, נאָר אויסטיילן יעדן קולטור עלעמענט, יעדער אַפּטיילונג און אונטעראָפּטיילונג אינם באַשאַף פון דער גייסטיקער קולטור און עס באַזונדער באַטראַכטן.

דאָס פריער געזאָגטע האָט אונדז באַוויזן, אַז אויפן געביט פון געזעלשאַפטלאַכן פאָרשן האָבן מיר פּראָלעטאַרישע וויסנשאַפטן.

## 4. קלאַסן צעטיילונג אין דער קונסט.

רעדנדיק איבער בירגערלאַכער און פּראָלעטאַרישער קולטור, לאָזן די מערסטע אַרוים אַלע אַנדער קולטור עלעמענטן און זוכן בלויז צו פאַרהאַנדלען די קונסט. מען רעדט בלויז איבער ליטע־ראַטור, טעאַטער, פּאָעזיע, מאַלעריי און פון פיל אַנדער קונסט פאָרמען. אויך דאָ דאַרפן מיר ניט רעדן איבער דער פראַגע אַבסטראַקט, נאָר אויסטיילן, יעדן קונסט געביט, יעדער קונסט פאָרם קעדיי צו מאַכן דעם ריכטיקן אַנאַליז.

דער קלאַסן קאַמף אינם הויך אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַריינגעריסן אין אַלע ווינקעלאַך פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן. דעריבער טאַקע האָט דער רעוואָלוציאָנערער קלאַסן קאַמף פונם מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט שוין גאַנץ לאַנג געפונען איר אָפּקלאַנג אין דער קונסט. דער קינסטלער לעבענדיק אין דער געזעלשאַפט קאָן דאָס לעבן ניט פאַרבייגיין גלייכגילטיק. ער מוז פונ׳ם לעבן באַהערשט און באַווירקט ווערן. אָדער בעסער געזאָגט: קונסט איז דאָס לעבן אַליין. דאָס לעבן ענדערט זיך, אין אָט דאָס נייע לעבן פון פאַרביטערטסטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף מעצאַד דעם אַרבעטער קלאַס, דאָס אינדוסטריאַליזירנדע לעבן, די שטורמישע אויפטרייס־לונגען פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן, די איבערפאָרמירונגען פון געזעלשאַפטן, די קעגנזעצלאַכע קלאַסן אידייאָלאָגיעס און קלאַסן מאָראַל. דאָס אַלעס מוז זיך אָפּשפּיגלען אין קינסטלערס שאַפונג. סיי אינם אויסוואַל פון קינסטלערישן מאַטעריאַל, און סיי אין דער פאָרם דורך וועלכן דער רויער מאַטעריאַל, ווערט אַ קינסטלערישער פּראָדוקט. דעריבער זען מיר טאַקע אינם מעהוס

פון דער קונסט, אַ קלאַסן צעטיילונג. דעריבער דריקן די מערסטע קונסט שאַפונגען מיט זיך אויס די אידייאָלאָגיע פון דעם אָדער יענעם געזעלשאַפטלאַכן קלאַס, און דינט די אינטערעסן פון אַ באַשטימטן קלאַס.

די באַלעבאַטישע קונסט קריטיקער דערשרעקן זיך, ווען מען זאָגט זיי, אז די אָדער יענע קונסט שאַפונג שטייט ווענטלאַך נאָענט צו דעם אָדער יענעם קלאַס. אָדער אין געוויסע פאַלן שטייט די קונסט אין אַ דירעקטן דינסט פון אַ באַשטימטן קלאַס.

בא דעם באַלעבאַטישן אינטעליגענט, וועלכער פארקערפּערט אין זיך די אידייאָלאָגיע פון אַנ'אָפּשטאַרבענדן קלאַס, איז קונסט אַן אבסטראַקציע, וואָס שטייט אויסער קלאַסן און העכער פון לעבן. זייערע געשרייען, אַז קונסט דאַרף זיך ניט באַרעכטיקן צוליב אַ ציל. קונסט לישעם קונסט, זיינען ניט מער ווי פאַרזוכן צו באַווייזן אַז אייגנטלאַך איז די געזעלשאַפט גאָר ניט צעטיילט אין ווירטשאַפטלאַכע קלאַסן, יעדער קאָן האָבן די געלעגנהייט, — אויב ער האָט נאָר די אמביציע זיך ארויפצוארבעטן. עס איז נאָר אַ פראַגע פון אבסטראַקטן יוישער, פון אבסטראַקטן גוטס אָדער שלעכטס. אויך די קונסט איז עפּעס אַ מיסטישע אבסטראַק־ציע וואָס שטייט אויסערן לעבן. די קונסט איז עפּעס א זאַך פון אייביקע ווערטן, וואָס שטייען העכער פון נישטיקן לעבן.

פאַרן אַרבעטער קלאַס, פאַר אונדז רעוואָלוציאָנערע מאַרק־סיסטן איז אָבער גאַנץ קלאָר אַז קונסט איז אַ געזעלשאַפטלאַכער פּראָדוקט, און איז אַ רעזולטאַט פון לעבן, קעדיי צו דינען דעם לעבן. און אַז די אָדער יענער קונסט באַפרידיקט אין די מערסטע פאַלן דעם אָדער יענעם קלאַס.

די קונסט קאָן דינען דעם הערשענדן קלאַס אויף צוויי אויפאַנים: 1) ווען דער הערשנדער קלאַס האָט דעם מאָנאָפּאָל איבער דער קונסט, און די אונטערדריקטע מאַסן האָבן ניט קיין מעגלאַכקייט פון דעם צו געניסן. אין דעם פאַל איז דאָס נישט קיין ריינע קלאַסן קונסט. די קונסט ווערט נאָר אויסערלאַך באַהערשט פון אַ באַשטימטן קלאַס: 2) אין צווייטנס ווען אינם מעהוס פון דער קונסט גופע איז פאַראַן אַ נאָענטקייט צום הערשענדן קלאַס. ווען די קונסט איז דורכגעדרונגען מיט דער בירגערלאַכער

אידייאלאָגיע און וועלט אנשויאונג, מיט דער בירגערלאכער לעבנס פילאָזאָפיע. אין דעם ערשטן פאַל דינט די קונסט דעם הערשענדן קלאַס אויף אן אומדירעקטן אויפן, ווייל דער אונטערדריקטער קלאַס געפינט זיך אינ'ם קעלערשטאָק פון דער מענשלאכער קולטור. אין צווייטן פאַל אויף אַ דירעקטן אויפן.

קונסט איז אין פיל פאַלן דורכגעדרונגען און ענג פאַרבונדן מיט דער פּאָליטיק. בלויז שוין דערפאַר, ווייל קונסט איז דער אָרגאַניזירטער גייסטיקער אויסדרוק פון דער געזעלשאפטלאכער אידייאָלאָגיע.

די פּאָליטיק אַלס צווייטע געזעלשאַפטלאַכע דערשיינונג, איז ענג פאַרבונדן מיט דער קונסט. אין פיל פאַלן איז קונסט אַ דירעקטער פריידיקער פון אידייען, פון האנדלונגען ווי עס דריקען זיך אויס די באַציאונגען פון מענש צו מענש. פריידיקן אַ געוויסע אידייע קאָן מען ניט בלויז מיטן מויל, אָדער מיטן געשריבענעם וואָרט, נאָר אויך מיט סקולפטור און מאלעריי, אויך מיט מוזיק ווען זי באַגלייט דאָס וואָרט. רעליגיע, מאָראַל, און פּאָליטיק — האָבן זיך שטענדיק באַנוצט מיט דער קונסט. זיי האָבן אין דער קונסט געפונען זייער אויסדרוק.

פאַרשטייט זיך, אַז ניט קונסט ביקלאַל פריידיקט שטענדיק אידייען, נאָר געוויסע קונסט פאָרמען. גערעכט איז דאריבער ל ו נ אַ ט ש אַ ר ס ק י, ווען ער זאָגט: „גרויס איז יענער קינסטלער וואָס פריידיקט זיין גאָט דורך קונסט, וואָס קאָן דורך זיין טאַלאַנט, מיטן וואָרט אָדער פענזל דורך שטיין אָדער טענער, מיט דער שיינקייט פון אַ קאָנצענטרירטער באַוואוסטזיניקער קינסטלערישער קראַפט, אַרויסרופן שאַרפע עמאָציעס, וואָס פון זיי זאָלן זיך פאַרמירן אידייען".

טאָלסטאָי באַטראַכטנדיק קונסט אין אַ געוויסער מאָס אַלס אַן איינהייטלאַכע אבסטראַקציע, כאָפּט ער איבער די מאָס ווען ער זאָגט, אַז: „אַ גרויסער פריידיקער איז שטענדיק אַ קינסטלער און אַן עמעסער גרויסער קינסטלער איז שטענדיק אַ פריידיקער".

כאָטש ער רעדט וועגן קונסט ביקלאַל, און טיילט דערביי ניט אויס בלויז יענע קונסטן וואָס זיינען אַ פריידיקט, דאָך איז אין דעם פאַראַן אַ געוויסער עמעס, ווייל פיל קונסט פאָרמען זיינען אויך

א דירעקטער פריידיקער פון אידייען, פארשטייט זיך, אז די אידייען, וועלכע דריקן מיט זיך אויס די באציאונגען פון מענש צו מענש טראָגן שטענדיק א קלאסן כאראקטער.

אָט יענע קונסט פאָרמען און קונסט שאפונגען זיינען ניט פאַרבונדן מיט אבסטראקציעס, נאָר מיט גאַנץ קאָנקרעטע סאָציאַלע אידייען, פון וועלכן די פּאָליטיק, אלס רעזולטאט פון די ווירטשאפטלאכע באדינגונגען איז אירער א באוועגנדער פאקטאָר.

קונסט ווירקט גאַנץ אָפט אויפן פּאָליטיקער, און בעמיילע ווערט אויך די קונסט אין פיל פאַלן באווירקט און באהערשט פון דער פּאָליטיק. עס קומט צווישן זיי פּאָר א קעגנזאצלאכע באַפרוכפערונג.

קאוטסקי רעדנדיק איבער קונסט זאָגט:

„פּאָליטיק און קונסט, ספעציעל פּאָעזיע, האָבן אין זיך פיל געמיינזאמעס". ער זעט די געמיינזאמקייט א דאנק די קעגנזעצלאכע באווירקונגען פון קונסט און פּאָליטיק. צווישן אַנדערעס זאָגט קאוטסקי ווייטער:

„די קונסט פונקט ווי די פּאָליטיק סטארעט זיך אויפן שטארקסטן אויפן צו דערשיטערן און דערהויבן דעם מענשן". „די פּאָליטיק קאָן געבן דעם קינסטלער דעם געגעבענעם מאטעריאַל, די ליידנשאפטלאכע אימפולסן און די קונסט קאָן אין א שטארקער מאָס קרעפטיקן די קויכעס פון דעם פּאָליטישן קעמפער".

וועלכעס וואָלטן מיר געקאָנט אָנרופן פּראָלעטארישע קונסט?

— אז מען זאָל וועלן געבן א קורץ באגרעניצטע דעפיניציע, וואָלטן מיר געקאָנט זאָגן, אז פּראָלעטארישע קונסט, איז יענע, וועלכע דינט די אינטערעסן פונם פּראָלעטאריאט, ניט דערפאַר ווייל זי ווערט פון אים אויסערלאך באהערשט, נאָר דערפאַר וואָס זי איז אין איר מעהוס פּראָלעטאריש. זי איז דורכגעדרונגען מיט דער פּראָלעטארישער וועלט באנעמונג.

ניט קוקנדיק דערויף וואָס אין די קאפּיטאליסטיש־הערשענדע לענדער, האָט די בורזשואזיע דעם גאַנצן קאָנטראָל אויפן קולטורעלן לעבן. ווייל זייענדיק די פּאָליטישע באהערשערן פון לעבן, באהערשט זי עס אויך אידייאָלאָגיש און קולטורעל, דאָך האָבן מיר שוין היינט צו טאָג א פּראָלעטארישע קונסט. ד. ה. אזא קונסט

וואָס שטייט דירעקט אָדער אומדירעקט נאָענט צום ארבעטער קלאַס.

ביכדיי צו האָבן א פאָרשטעלונג איבערן באַגריף פּראָלעטאַ־רישע קונסט. קעדיי צו קאָנען זען די כאַראַקטעריסטישע סימאָנים פון א פּראָלעטאַריש קונסט ווערק, וואָלט צוערשט נויטיק געווען צו געבן א דעפיניציע אויפן טערמין קונסט. דעפענירן מיינט אָבער באַגרעניצן, אין דעם פאַל וואָלט דאָס געמיינט אריינפאַסן אין א מאַטעמאַטישע פאָרמולע, אזאַ קאָמפּליצירטע דערשיינונג, וואָס האָט צאָלרייכע סימאָנים. דאָך אָבער, אַזוי ווי מיר דערקענען א קונסט־ווערק לויט די אָדער יענע סימאָנים. זיינען אויך דאָ באַ־שטימטע כאַראַקטעריסטישע שטריכן, לויט וועלכע מיר קאָנען דערקענען א פּראָלעטאַריש קונסט־ווערק.

די אַלע כאַראַקטעריסטישע סימאָנים פון א פּראָלעטאַריש קונסט־ווערק, וואָלטן מיר געקאָנט רעדוצירן צו צוויי הויפּט פונקטן: 1) ווי אַזוי עס ווערן אין די ווערק אָפּגעשפּיגלט די באַציאונגען פון מענש צו מענש. 2) און ווי אַזוי דער קינסטלער זעט אָדער דערפילט זאַכן אָדער דערשיינונגען, דער אויפן ווי אַזוי דער קינסטלער נעמט אויף און זעט די וועלט און אַלע זיינע איינ־דרוקן פון איר.

אין פאַרשיידענע קונסט־פאָרמען ווערן די געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען פון מענש צו מענש אָפּגעשפּיגלט אויף א באַזונדערן אויפן. די קלאַסן שייכוסן אין דער עפּישער קונסט פאָרמען טראָגן א גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער ווי אין דער ליריק. ביכדיי ארויסצו־דעסטאַלירן די קלאַסן שייכוסן אין וועלכער עס איז קונסט פאָרם, איז נויטיק א ספּעציפישער מעטאָד פאַר יעדען איינעם באַזונדער. יעדער קונסט פאָרם האָט איר אייגענער מאָס.

פּראָלעטאַרישע קונסט ווערק, קאָנען אָנגערופן ווערן יענע קונסט שאַפונגען אין וועלכע עס שפּיגלען זיך אָפּ אויף א דירעקטן אָדער אומדירעקטן אויפן די באַציאונגען פון מענשן פון באַשטימטע קלאַסן און ווייזן אונדז אין קינסטלערישע פאַרבן און בילדלאַכקייט פון דער צעפוילטקייט פון דער קלאַסן געזעלשאַפט. ווי עס שפּיגלען זיך אָפּ אויף א דירעקטן אָדער אומדירעקטן אויפן די באַציאונגען

פון אַרבעטער און באַלעבאָס. הערשער און באַהערשטן. אָדער ווען אין זייערע טיפן גאַלעריעס געפינען זיך טיפּן מיט באַשטימטע קלאַסן כאַראַקטערן, וועלכע דערנענטערן דעם אַרבעטער געניסער צו דער אידייאָלאָגיע, ליידן, קאַמפן און האָפענונגען פון אַרבעטער קלאַס. אויך יענע קונסט ווערק, וועלכע באַווייזן אין בוילעטע פאַרבן די אָפּגעלעבטקייט פון דער איצטיקער געזעלשאַפטלאַכער אָרדנונג. האגאם דאָס ווערק איז ריין קינסטלעריש. האָט ניט קיין אַנדערן צוועק ווי איר וועזנטלאַכע פּאָלקאָמענהייט. דאָך דערציט אַזאַ קונסט אינם געניסער אַן אידייאַישע דערנענטערונג צום אַרבעטער קלאַס. דער אַרבעטער, דער געניסער פון דער קונסט געפינט דאָרט אויף אַ קאָנצענטרירט בילדלאַכן אויפן דעם מעהוס פון זיין לעבן. דער אַרבעטער געניסער ווען ער באַהעפט זיך מיט דער שאַפונג, לעבט זיך דאָרט אויס — פונקט ווי דער קינסטלער — און ווערט אַ שוטעף צו דעם קונסט פּראָצעס. דאָס באַצווינגט דעם אַרבעטער צו אַ נענטערע באַהעפטונג מיט קונסט, ווייל דער מאַטעריאַל מיט וועלכן דער קינסטלער האָט זיך באַנוצט איז אַזאַ, וואָס דער אַרבעטנדער מענש באַטראַכט עס פאַר זיין אייגנס. אַזאַ קונסט ווערק רופט ארויס יאַן אומצופרידנהייט מיט אַלעם עקזיסטירענדן און דערוועקט אַ דורשט נאָכן נייעם אָנקו־מענדן. דער רעזולטאַט באַקומט זיך אָבער, נאָר דאַן, ווען דער קינסטלער שטייט אינטעלעקטועל און עמאָציאָנעל נאָענט צו די קאַמפן, שטרעבונגען און האָפענונגען פון אַרבעטער קלאַס. ווען ער איז באַווירקט פון דער פּראָלעטאַרישע קלאַסן סוויווע. אין איין זייט איז דאָס אַפּהענגיק פונ'ם אויסוואַל פון מאַטעריאַל און פון דער צווייטער זייט פון דעם אויפן, ווי יאַזוי דער קינסטלער באַ־טראַכט און נעמט אויף זיין מאַטעריאַל.

דאָס פאַרקערטע באַקומט זיך פון דער קונסט, דאָ ווי דער קינסטלער האָט מוירע ארויסצושטעקן דעם קאָפּ פון דער נאָרע, און גריבלט זיך בלויז אין זיין איך. אָדער באַהאַנדלט פּראָבלעמען וואָס שטייען מיקלוימערשט אויסער קלאַס און געזעלשאַפט און שטייען לויט זיין מיינונג העכער פון לעבן; וואו דער אויסוואַל פונם קינסטלערס מאַטעריאַל, איז גענומען פון אומעטום, אָבער ניט פון קעגנווערטיקן לעבן. און ווען אַזאַ מאַטעריאַל ווערט שוין יאָ באַ־

נוצט, איז ער נאָר ביכדיי אונטערצושטרייכן די נישטיקייט פונם היינטיקן לעבן.

אזא קונסט, מעג זי זיין ווי קינסטלעריש, דאָך איז זי אין איר מעהוס דורך און דורך בורזשואַז. ווייל זי העלפט מיט אויף אן אומדירעקטן אויפן די דערנענטערונג פונם געניסער צו דער אידייאָלאָגיע, האָפנונגען און פארצווייפלונגען פונם בירגערטום. פון אזא קונסט ווייעט ארויס א פעסימיזם.

דער בורזשואַזנער קינסטלער האָט אין די מערסטע פאַלן די אידייאָלאָגיע פון דעם פאַרצווייפלטן אונטערגייענדן קליינביר־גערטום. זינט דער קאַפּיטאַליזם איז אנטשטאַנען, געפינט זיך דאָס קליינבירגערטום אין אַ שטענדיקן אויפלעזונגס פּראָצעס. דאָס קליינבירגערטום אלס זעלבסטשטענדיקע ווירטשאַפטלאכע גרופּירונג ווערט צעריבן דורך די שאַרפע רעדער פון דער געשיכטע. אין דער קעגנוואַרט איז שלעכט דעם קליינבירגער. קיין צוקונפט זעט ער ניט, ווערט זיין גאַנצע אידייאָלאָגיע דורכגעדרינגען מיט אַ בענקעניש נאָך דער פאַרגאַנגענהייט. ער איז דורכגעדרינגען מיט א שטילן באַהאַלטענעם צאַר. ער זעט אַלץ מיט פעסימיסטיש געשטימטע ברילן.

דער בורזשואַזנער קינסטלער איז אין די מערסטע פאַלן דורכ־געדרונגען מיט אָט דער קליינבירגערלאכער אידייאָלאָגיע. ער — דער בורזשואַזנער קינסטלער — קאָן זיך ניט אריינפּאַסן אין דער געזעלשאַפט וואָס איז פול מיט ווידערשפּרוכן, פערזענלאכע ליידן און קאָנפליקטן. ער זעט אַ שלעכט לעבן, וואַרפט ער די שולד אויפן לעבן ביקלאַל. שאַפט זיך בא אים פעסימיסטישע שטימונגען. ער דערפילט אַ נייגונג צו מיסטיק. ער, פונקט ווי זיין קלאַס, זעט פאַר זיך ניט קיין צוקונפט, טראַגט ער זיך אוועק אין דער אַלטער פאַרגאַנגענהייט. גלאָריפיצירט ער אַלץ וואָס האָט א שייכות מיטן געוועזענעם. שאַפט ער אויסגעטראַכטע וועלטן.

אזא קינסטלער איז אין מעהוס פון זיין שאַפונג דורך און דורך בורזשואַז. און דינט דעם הערשענדן קלאַס אויף אן אומדירעקטן אויפן.

פיל קינסטלער שטעלן זיך אויך אין אַ דירעקטער דינסט פון הערשענדן קלאַס. טויזנטער זינגער, מאַלער און פיל אַנדערע קינסט־

לער שטעלן זיך אין דינסט פון דער קירכע. די קירכע איז א אידייאָ־לאָגישער וואפן אין די הענט פון דער בורזשואזיע. אויף אזא, און אויף פיל אנדערע אויפאנים, שטעלן זיך טויזענטער קינסטלער אויך אין א דירעקטער דינסט פון דעם הערשענדן קלאס.

אין דער צייט וואס דער בירגערלאכער קינסטלער טראגט זיך אין די מערסטע פאלן אוועק אין דער פארגאנגענהייט, שפיגלט זיך אפ אין דער פראָלעטארישער קונסט די ווירקלאכע קעגנווארט און די הערלאכע צוקונפט וואס שטראלט פון איר ארויס.

אויך אין דער פראָלעטארישער קונסט קאָנען מיר באגעגענען מאָטיוון פון דער פארגאנגענהייט, אָבער בלויז אויף אזויפיל, אויף וויפיל זיי טראָגן א שאפנדיקן כאראקטער, אָדער די פארגאנגענהייט אלס סימבאָל פון דער צוקונפט.

די באהויפטונג אז קונסט איז ניט קיין אבסטראקציע און שטייט ניט איבערן לעבן פון קלאס אָדער געזעלשאפט מיינט נאָך ניט צו זאָגן, אז אין אלע קונסט־שאפונגען, אָן אויסנאם, קאָן מען ציען א קלאסן־ליניע, ווייל ווי שוין פריער געזאָגט, האָט יעדע קונסט פאָרם איר אייגענע מאָס, און פאָדערט איר אייגענע אָפשאצונג.

## 5. קונסט און אינדיווידואַליטעט

גאנץ אָפט הערן מיר ווי דער קינסטלער זאָגט: קונסט איז א ריין אינדיווידועלע זאך, דאָס איז דעם קינסטלערס א פריוואט זאך. קיינער טאָר זיך נישט צורירן צו די פארבאָרגענע ווינקעלאך פון מיין שאפן, צום קאָדשיי קאָדאָשים פון מיינע קינסטלערישע עמאָציעס. דער פראָצעס פון שאפן קונסט איז א ריין אינדי־ווידועלער. בלויז צו יכידיי סגולא באווייזט זיך די געטלאכע מוזע, בלויז מיר קאָנען זיך זעען מיטן גאָט פון קונסט, און ווען די דאָזיקע געטלאכקייט אנטפלעקט זיך צו אונדז, דאן וועבן מיר אונדזער קינסטלעריש געוועב. מיר די קויהאנים גדוילים פון אייביקע ווערטן זיינען ניט אפהענגיק פון צייט און סוויווע. קונסט איז מיין איינצי־קער און העכסטער באַרוף אין לעבן, דאריבער גייט מיר ניט אָן די קאָנקרעטע מאָמאָשעסדיקע וועלט, וועלכע איז ניט דויערהאפט, מיר שאפן פאר דער אייביקייט, און עס גייט אונדז ניט אָן דאָס צייטווייליקע קעגנווערטיקע ערדישע לַעבן.

איז טאקע קונסט א ריין אינדיווידועלע זאך? האָט טאקע קונסט גאָרניט צו טאָן מיט צייט און סוויווע? האָט קונסט טאקע גאָרניט צו טאָן מיט דער רעאַלער פארשידנפארביקע קעגנוואַרט? שטייט טאקע דער קינסטלער אויסערן לעבן פון קלאַל? זעט בלויז דער קינסטלער די געטלאכע מוזע? צי דער קינסטלער איז עפּשער אויך אפּהענגיק פון געזעלשאַפטלאכע פאַקטאָרן?

אין דער עמעסן איז קונסט א סאָציאַלער פּראָדוקט, און שאַפן קונסט הייסט שאַפן נוצלאכע זאכן פון א באַשטימטן סאָרט. קונסט איז א צווייג פון דער אַלגעמיינער מענשלאכער ווירטשאַפט. קונסט טראָגט א סאָציאַל עקאָנאָמישן כאַראַקטער, ווייל זינט זי האָט זיך אָנגעפאנגען צו אנטוויקלען, איז זי שטענדיק ארויסגעטראָטן אלס א געזעלשאפטלאכע נויטווענדיקייט. ווען דער מענש איז איבערגע־גאנגען צו ארבעט, איז קונסט באַלד געוואָרן איר באַגלייט דערשיי־נונג. דאָס געזאַנג, דער ריטם ווערט א מיטל צו פאַרלייכטערן די אַרבעט און צוצוגעוויינען דעם מענש צו אינטענסיווערע טעטיקייט. אַלע לידער וואָס זיינען פאַרפאַסט געוואָרען בא דער ארבעט האָבן געהאַט דעם צוועק צו פאַרלייכטערן דעם מענשן אין זיין עקזיסטענץ.

די סיבעס וואָס האָבן ארויסגערופן דעם מענש זיך צו פאַר־נעמען מיט קונסט זיינען געווען ריין מאַטעריעלע. ביים פּרימיטיוון איז קונסט געווען ניט קיין לוקסוס זאך, נאָר א פּראָסטע לעבנס נויטווענדיקייט.

קונסט איז אפּהענגיק פון א גאנצע רייע סאָציאַלע פאַקטאָרן, און אָט די סאָציאַלע פאַקטאָרן פון וועלכן קונסט איז אָפּהענגיק, ציען אראָפּ די קונסט פון די אבסטראַקטע הימלען, און מאכן זי פאַר אַן ערדיש וועזן, פאַר א זאך וואָס איז ניט עפּעס אַנדערש ווי דאָס לעבן אליין.

קונסט איז דאריבער ניט קיין זאך וואָס האָט בלויז צו טאָן מיטן יאָכיד, ווייל אויך דער יאָכיד איז א סאָציאַלער פּראָדוקט, און שטייט פארבינדן מיט טויזנטער פעדים מיטן קלאַל. קונסט איז אזוי ברייט און טיף ווי דאָס לעבן אליין, און ווערט דאריבער קיינמאָל ניט געטראָגן פון אינדיווידואַליטעטן אליין, נאָר פונם לעבן גופע.

די וויכטיקסטע סאָציאַלע פאַקטאָרן, פון וועלכע קונסט איז אָפּהייננגיק, זיינען:

1) די סוגעסטיווע סטימולן פון דער סוויווע.

2) די טעכנישע מיטלען פון וועלכע די קונסט פּראָדוקציע איז אָפּהענגיק.

3) די רעלאַטיווע קעגנווירקונג פון שאַפער און גענינסער.

## א. די סוויווע און דער קינסטלער

קונסט איז אַ רעזולטאַט פון לעבן. דער קינסטלער לעבט און קומט אין באַציאונגען מיט אַנדערע מענשן. דער קינסטלער קאָן ניט פאַרבייגיין דאָס לעבן גלייכגילטיק, נאָר מוז פונם לעבן באַ־ערשט ווערן. די סאָציאַלע באַדינגונגען אין וועלכע דער קינסטלער לעבט סובלימירן זיינע עמאָציעס, שטימונגען און געפילן. פון די עמאָציעס, שטימונגען און געפילן פאָרמירן זיך אויס געדאַנקען.

אין דער עפּישער קונסט, געפינען מיר שטענדיק די באַציאונגען פון מענש צו מענש. פון יענע באַציאונגען שאַפן זיך מענשלאַכע פּראָבלעמען, איבערלעבונגען און טראַגעדיעס. אין אָט די באַציאונ־גען שפּיגלט זיך שטענדיק אָפּ דעם קינסטלערס סוויוועדיקע סוגעסטיעס. אויב מיר ווילן ב'עמעס פאַרשטיין די שאַפונגען פון אַ גרויסן קינסטלער, מוזן מיר אויך אויספאָרשן אין וואָס פאַראַ סוויווע דער קינסטלער האָט געלעבט, וויסן וואָס פאַראַ איינדרוקן ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט, און וויסן זיינע באַציאונגען צום לעבן, די סוויוועדיקע ווירקונג שפּיגלט זיך שטענדיק אָפּ אין דער שאַפונג.

זינט עס איז אַנטשטאַנען אַ קלאַסען דיפערענציאַציע איז די מענשלאַכע סוויווע ניט קיין איינהייטלאַכע. ניט בלויז איז די מענשלאַכע סוויווע ניט איינהייטלאַך זייענדיק אָפּהענגיק פון געאָ־גראַפישע און קלימאַטישע באַדינגונגען, נאָר אויך באַ דער גענע־בענער נאַציע, אָדער פאָלק, איז די סוויווע ניט קיין איינהייטלאַכע. דער הערשנדער קלאַס לעבט שטענדיק אין אַ גאַנץ אַנדערע סוויווע ווי דער אונטערדריקטער קלאַס. דער עקספּלואַטירטער האָט אַנדערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן ווי דער עקספּלואַטירטער. דער הערשנדער קלאַס לעבט אין אַנאַנדערע סוויווע און האָט אַנ־

דערע אינטערעסן אין דעם גאַנצן געזעלשאַפטלאַכן לעבן, ווי דער אונטערדריקטער קלאַס, ד. ה. מיר האָבן אַ קלאַסן סוויווע. יעדע סוויווע סוגעסטירט און סובלימירט די עמאָציעס וואָס ווירקן אפן קינסטלערס שאַפן. אַזוי אַז קונסט איז ניט קיין פּריוואַטע אינדיווידועלע זאַך, נאָר אַ רעזולטאַט פון לעבן און פון אַ באַשטימטער סוויווע. די סוויווע באַווירקט אַז דער קינסטלער זאָל זען זאַכן און באַטראַכטן דערשיינונגען ווי אַ מענש פון זיין סוויווע.

די דיפערענצירונג און אַנטשטייאונג פון אַ קלאַסן סוויווע האָבן באַווירקט די פאָרמירונג פון אַ קלאַסן קונסט.

די סוויווע איז דער וויכטיקסטער סאָציאַלער פאַקטאָר אין דער קונסט.

עמעס טאַקע אַז די קונסט, דורך די סאָציאַלע סוגעסטיווע סטימולן, ווערט אויסגעדריקט דורכן אינדיווידואום, דורך דער פערזענלאַכקייט פון קונסט שאַפער. אָבער אָט די פערזענלאַכקייט גופא איז אַ סאָציאַלער פּראָדוקט, ווייל זיינע געפילן און עמאָציעס ווערן סובלימירט אַ דאַנק דער סוויווע ווירקונג.

דער צווייטער וויכטיקער סאָציאַלער פאַקטאָר פון וועלכן די קונסט פּראָדוקציע איז אפּהענגיק, זיינען די טעכנישע מיטלען דורך וועלכע די קונסט פּראָדוקציע האָט זיך אַנטוויקלט.

## ב. די טעכנישע פאָרמען פון דער קונסט פּראָדוקציע

נאָך זייער אַ וויכטיקער סאָציאַלער פאַקטאָר פון וועלכן די קונסט איז אפּהענגיק זיינען די טעכנישע פאָרמען דורך וועלכער די קונסט פּראָדוקציע האָט זיך אַנטוויקלט. ווייל שאַפן קונסט, הייסט שאַפן נוצלאַכע זאַכן פון אַ באַשטימטן סאָרט, דאָס איז אַ צווייג פון דער מענשלאַכער ווירטשאַפט בעקלאַל. קונסט האָט זיך אַנטוויקלט אין דער ענגסטער פאַרבינדונג מיט מלאָכע, מיט האַנטווערק. פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָ קאָנען מיר ניט רעדן פון קונסט אַבסטראַקט, נאָר פון געוויסע קונסט פאָרמען, ווי מוזיק, מאַלעריי, סקולפּטור און אַרכיטעקטור, ווי אויך פיל אַנדערע קונסט פאָרמען, זיינען שטענדיק אפּהענגיק אין דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק. קונסט האָט זיך אַנטוויקלט אין דער ענגסטער פאַרבינדונג מיט אַרבעט. „דער קינסטלער האָט זיך אָנגעפאַנגען אויסצוטיילן פון

דער געזעלשאפט אלס ספעציאליסט, אלס אזעלכער וואָס גיט זיך אָפּ אינגאנצן צו זיין קונסט, נאָר דאמאָלט ווען די ווירטשאפט האָט זיך שוין גענאָט העכער אנטוויקלט און די ארבעטס צעטיילונג אין דער געמיינדע האָט שוין דערגרייכט א הויכע מאדרייגע" (לונאַ־טשארסקי). אָט די דאָזיקע אנטוויקלונג פון דער טעכניק איז שטענדיק אָפּהענגיק פון די סאָציאַל עקאָנאָמישע געזעצן, פון דער געזעלשאפט, פון דער ווירקונג פון א לעבן פון א קאָלעקטיוו.

ווען מען נעמט אלס ביישפיל די מוזיק אלס קונסט פאָרם, אָדער די אַרכיטעקטור, זעען מיר ווי זי איז שטענדיק אפהענגיק פון דער אנטוויקלונג, פון דער טעכניק.

אויך אפילו די ליטעראַטור האָט אָנגענומען גאַנץ אַנדערע פאָר־מען, ווען עס איז אנטשטאַנען בוך דרוקעריי. מיט דער אנטשטיי־אונג פון בוך דרוקעריי, האָט דאָס בוך אויפגעהערט צו זיין בלויז פאַר יבידיי־סגילאָ, נאָר האָט אָנגעפאנגען צו ווערן א פּאָלקס זאַך. די נאָכפראַגע אויף דער געשריבענער ליטעראַטור איז געוואָרן גרע־סער, און דאָס האָט ניט נאָר פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע פון ליטע־ראַטור, נאָר דאָס האָט אויך באַווירקט אויף די פאָרמען פון ליטעראַטור.

עמעס טאָקע אז דער ווילדער, אין דער פרימיטיווער געזעל־שאפט, ווי מיר ווערן שפּעטער זען, האָט אויך געהאַט, פונקט ווי דער שפּעטערדיקער מענש, געוויסע אויסדרוקן און איבערלעבונ־גען דורך זיינע קינסטלערישע עמאָציעס. ער האָט אויך געהאַט געוויסע מוזיקאַלישע און פּאָעטישע אויסדרוקספאָרמען, אָבער בלויז מיט די מיטלען פון יענער אָרים פאראַנענער טעכניק האָט ער גע־שאַפן מוזיק. אויך דאַן האָט מוזיק אויסגעדריקט געפילן, עמאָציעס און איבערלעבונגען. דער אויסדרוק אָבער פון די עמאָציעס האָבן זיך נאָר געקאָנט אָנטשפּרעכן דורך די ענגע ראַמען פון דער דאַמאָלסדיקער טעכניק.

די סקאַלאַ פון עמפינדונגען האָט זיך נאָר געקאָנט אויסדריקן דורך דער סקאַלאַ פון די פאַראַנענע מיטלען. אין פאַרלויף פון גאַנצן מיטלאַלטער האָט די מוזיק דאריבער געטראָגן בלויז א הילפס כאַראַקטער, זי האָט ניט געהאַט קיין שום זעלבסט־

שטענדיקייט, זי איז ניט געווען קיין זעלבסטשטענדיקע דערשיינונג, זי האָט נאָר געדינט דעם ריטמישן פאָרמענגן פון דער פּאָעזיע, זי איז געווען ניט מער ווי אַן אָטעמונגס פּרינציפּ פון דער שפּראַך.

די דיפערענצירונג און דעצענטראַליזירונג פון דער קונסט האָט נאָר געקאָנט דערמעגלאַכט ווערן, מיט דער ווירטשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג, וועלכע איז דורך אַ סאָציאַלע דערשיינונג.

ארויסגייענדיק פון דעם, אַז די קונסט איז אין די מערסטע פאַלן אפּהענגיק פון דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, איז דאַריבער ביי דעם ווען פון דער קונסט פאַראַן אַ רעלאַטיווע אָפּהענגיקייט פון דער ווירטשאַפטלאַכער מאַטעריעלער גרונד־לאַגע, וועלכע איז איינע פון די פילע סאָציאַלע פאַקטאָרן אין דער קונסט.

## ג. שאַפער און געניסער

אין די פּרימיטיווסטע צייטן פון דער מענשלאַכער געזעלשאַפט־לאַכער אַנטוויקלונג, אין יענער צייט ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין באַזונדערער קלאַס פּראָדוצירער, ווען די פּראָדוקציע איז געשאַפן געוואָרן בעשוטפעס און איז גלייך אויפן פּלאַץ פאַרנוצט געוואָרן. דער ווילדער האָט נאָך ניט געוואוסט פון אָפּשפּאָרן אויף שפּעטער. איז דער פּראָצעס פון פּראָדוצירן געווען ענג פאַרבונדען און זיך נאָך ניט געהאַט אויסגעטיילט פון קאָנסומירן. צווישן די פונקציע פון פּראָדוצירן און די פונקציע פון קאָנסומירן איז נאָך ניט געלעגן קיין שום מעכיצע. דאָס לעבן איז געווען איינפאַך און נאָך ניט געוואוסט פון דער שפּעטערדיקער קאָמפּלי־צירטקייט. אַלץ איז געמיינזאַם פּראָדוצירט און גלייכצייטיג פאַר־ברויכט געוואָרן, דאַן האָט די געזעלשאַפט נאָך ניט אויסגעטיילט פון זיך, אַז באַזונדערע מענשן זאָלן אויספירן באַזונדערע פונקציעס, פאַר דער דעמאָלסטיקער מישפּאָכע גרופּע.

אויך אין יענעם ווילדן פּרימיטיוון מענש האָבן געלעבט קינסטלערישע עמאָציעס. אויך יענער ווילדער האָט געהאַט קונסט עמפינדונגען, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין אַ קינסטלערישן אויסדרוק. נאָך פיל מער ווי דער היינטיקער קינסטלער, איז דער

פרימיטיווער מענש שטארק באווירקט געוואָרן פון פלוצלינגדיקע נאַטור ענדערונגען. דער פרימיטיווער האָט שטענדיק געלעבט אין א וועלט פון אילוזיעס, פון פאָרשטעלונגען, ער איז געווען שטארק עמפינדלאַך פון יעדער אויסערלאַכער ווירקונג און האָט זיך געפונען אין אַן אריינגעלעבטן געמיטס צושטאַנד.

קיין ספּעציעלער קלאַס קינסטלער איז נאָך אָבער אין יענער פרימיטיווסטער געזעלשאַפט ניט געווען. פּונקט ווי אין דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע, אַזוי נאָך פיל מער אין דער קונסט־שאַפונג, איז דער קאָלעקטיוו, די מישפּאָכע גרופּע, געווען דער שאַפער און גלייכצייטיק דער געניסער פון זיין אייגענער שאַפונג. עס זיינען ניט געווען קיין באַזונדערע קלאַסן, קונסט שאַפער און קונסט געניסער.

אויב אין דער אַלגעמיינער פּראָדוקציע זיינען די פּראָדוקטן פריער געשאַפן געוואָרן, און גלייך, באַלד פאַרברויכט געוואָרן — איז אין דער קונסט פּראָדוקציע, לעכיטבילע דאָס שאַפן און געניסן געווען איין פּראָצעס. דער פּראָצעס איז אָבער ניט געווען קיין אינדיווידועלער, אַ סאָציאַלער שאַפונגס און געניסונגס פּראָצעס, אויפן געביט פון קונסט.

יענע סאָציאַלע קינסטלערישע עמאציעס פון דער פרימיטיווער מישפּאכע גרופּע זיינען געקומען צום אויסדרוק, באַ די יאַמטויווים פון שייוועט, באַ די ווילדע טענץ אונטערן שיין פון דער לבנה. יענע עקסטאַטישע טענץ זיינען געווען רייך אין פאַרשידענע גימנאַסטישע באַוועגונגען, וועלכע זיינען מעסוגל פיזיאָלאָגיש אויסצורופן אַ געמיט פון שטימונגס ענדערונג. דאָס איז געווען אַזאַ מין עקסטאַז. עס קומען פּאָר פּאַסירונגען, וועלכע ברענגען אריין דעם גאַנצן שייוועט אין אַן עקסטאַז רעמאָלט הייבט דער גאַנצער שייוועט אָן צו טאַנצן, ווי לעמאַשל אין אַ צייט פון אַן עפּידעמיע, אַ געפאַר פאַר אַ שטאַרקן סוינע, אין דער צייט פון אַ פאַרפלייצונג, הונגער, אָדער פאַרקערט, אין אַ צייט פון אַ זיג, פרייד, גליקלאַכער יאַגד, א. ד. ג.

דאָס אַלץ זיינען געווען אויסדרוקן פון קינסטלערישע עמאָציעס פון אַ קאָלעקטיוו, פון אַ קלאַל. דער אויסדרוק און איינדרוק איז געווען איין און דיזעלבע זאַך. שאַפונג און געניסונג איין פּראָצעס.

פאַרשטייט זיך, אַז יענע קונסט פאָרמען האָבן געמוזט זיין

אריס, ווייל זיי האָבן ניט געקאָנט אריבערשפרינגען די ראמען פון די דאמאָלסדיקע אויסדרוקסמעגלאכקייטן. כאָטש די ראמען פון די קינסטלערישע אויסדרוקסמעגלאכקייטן זיינען געווען שטארק באגרעניצט, דאָך זיינען יענע עקסטאטישע טענץ, מאַנאָטאָנע געזאַנגען, גרימאסן, פוצן זיך א. א. וו. געווען אן אויסדרוק פון געוויסע טיפע אינערלאכע איבערלעבונגען און פון טיפע עמאָציעס.

יענער פראָצעס פון שאפן און געניסן איז אין די מערסטע פאלן געווען א סאָציאלער, דער יאָכיד האָט זיך נאָך ניט געהאט אויסגעשיילט פון קלאל. די פאָטענצן פונ'ם יאָכיד זיינען אויסגעדרוקט געוואָרן דורכ'ן קלאל.

מיט דער אָנזאמלונג פון דערפארונגען פון דער פרימיטיווער מישפאָכע גרופע, מיט דער ווירטשאפטלאכער אנטוויקלונג, מיט דער אויסשיילונג פון יאָכיד פון קלאל ארויס און מיט דער אויסטיילונג פון די פארשידענע פונקציעס פאר דער געזעלשאפטלאכער באפרידיקונג און שפעטער מיט דער אנטשטייאונג פון די ערשטע שפורן פון א קלאסן דיפערענציאציע, אנטשטייט אויך גלייכצייטיק אין פיל קונסט פארמען א ספעציעלע גרופע מענשן, וועלכע הייבן זיך אָן באשעפטיקן מיט דער קונסט פראָדוקציע, עס אנטשטייט דער ספעציעלער קינסטלער. גלייכצייטיק אנטשטייט אויך שוין א קלאס געניסער.

די דאמאָלסטיקע קונסט פראָדוקציע האָט זיך אין פיל פאלן נאָך ניט געהאט אויסגעשיילט פון דער אלגעמיינער פראָדוקציע. נאָר פארקערט, זי האָט זיך מערסטנס (אויסער די ליטעראטור און פאָעזיע) באהעפט מיט ארבעט, מיט מלאָכע. אין דער קונסט איז נאָך דאן ניט געווען די היינטיקע ספעציאליזאציע, דער קינסטלער איז גלייכצייטיק געווען א זינגער, שפילער, דיכטער א. ז. וו. די איינצלנע קונסט עלעמענטן האָבן זיך נאָך ניט געהאט דיפערענצירט צו מענשן ספעציאליסטן. איר דיפערענצירונג איז ערשט פאָרגעקומען מיט דער אלגעמיינער ווירטשאפטלאכער און אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג.

דאן ווען עס הייבט אָן צו אנטשטיין א ספעציעלער קלאס קינסטלער און א ספעציעלער קלאס געניסער, הייבט זיך אָן צו שאפן די ערשטע מעכיצע צווישן קינסטלער און געניסער. מיט דער

אנטוויקלונג פון דער מענשלאכער ציוויליזאציע, איז אָט די מעכיצע געוואָרן אלץ גרעסער און גרעסער. די ווייטקייט פוןביידע פּאָלוסן האָט זיך אַלץ קעסיידער געהאלטן אין איין פארגרעסערן. אויך אין דער אלגעמיינער פּראָדוקציע איז מיט דער ווירטשאפטלאכער אַנטוויקלונג ארייננגעבראכט געוואָרן אַ טהאָם צווישן פּראָדוצירער און קאָנסומער. דאָס זעלבע איז אויך פארגעקומען אין דער קונסט פּראָדוקציע.

ביידע פונקציעס פון שאַפן און געניסן וואָס זיינען לעבאַטכילע געווען איין פּראָצעס, וועלכער איז געווען דער עמאָציאָנעלער אויסדרוק פון דער פרימיטיווער מישפּאָכע גרופּע. דערווייטערן זיך יענע ביידע פונקציעס פון זיך און די מעכיצע ווערט אלץ גרעסער.

אין יענע קונסט פאָרמען וואָס האָבן זיך באהאָפטן מיט ארבעט, מיט מלאָכע, איז זייער פרי ארייננגעבראכט געוואָרן די מעכיצע צווישן שאַפן און געניסן. אנדערש איז אָבער געווען מיט דער ליטעראטור. די איינהייטלאכקייט פון שאפונגס און געניסונגס פּראָצעסן האָט זיך אין דער ליטערטאור אויפגעהאלטן פיל שפּעטער ווי אין אלע אַנדערע קונסט פאָרמען. אָט די איינהייטלאכקייט האָט אָנגעהאלטן ביז צו דער ערפינדונג פון בוך דרוקעריי.

איידער עס איז אנטשטאַנען די בוך דרוקעריי האָט די ליטעראטור מערסטענס געטראָגן אַ מינדלאכן כאראקטער. מען האָט זיך דערציילט ליטעראטור. דאָס האָט געפירט דערצו אַז מען זאָל קיינמאָל ניט וויסן, ווער עס איז דער אורשפּרינגלאכער שאפער פון דער מייסע אָדער ליד. עס איז טאַקע אויך ניט געווען קיין אינדיווידועלער שאַפער. די ליטעראַטור איז ניט פיקסירט געוואָרן. די וואריאַציעס איבער יעדער מייסע זיינען קעסיידער פארגרעסערט געוואָרן. יעדער איינער האָט הערנדיק די מייסע אויפגענומען עס אויף זיין אייגנארטיקן אויפן. און בעמיילע אויך שוין דאָס דערציילט אויף אזא אויפן ווי ער האָט דאָס אויפגענומען. אויסער דעם וואָס אין דער מינדלאכער ליטעראַטור איז פאַראַן אַ סאָציאַלער שאַפונגס פּראָצעס, האָט זיך אויך דאָרט נאָך ניט געהאט אויסגעשיילט דאָס שאַפן פון געניסן. דער געניסער הערנדיק די מייסע אָדער ליד האָט ער זי אויך איבערגעגעבן צו אַ צווייטן, פארשטייט זיך, זי איז שוין איבערגעגעבן געוואָרן ווארירט.

אויב אין דער אַלגעמיינער ווירטשאַפט איז די פּראָדוקציע שטענדיק אָפּהענגיק פון מאַרק, דער אָנבאָט פון דער נאָכפראַגע, איז אין דער קונסט אין אַ געוויסער מאָס די אומאָפּהענגיקייט אַ פיל גרעסערע. ניט נאָר איז דער אָנבאָט אָפּהענגיק פון דער נאָכ־פראַגע אָפּן מאַרק, נאָר אויך אָפּהענגיק פונם געניסער. פון דעם קינסטלערישן אויפנאָם פונם געניסער.

דער געניס וואָס איז לעכאַטכילע געווען ענג צוזאַמענגעבונדן מיטן שאַפן און איז אַליין געווען אַ טייל פון איר, איז מיט דער אויסטיילונג פון אַ ספּעציעלן קלאַס קינסטלער און אַ ספּעציעלן קלאַס געניסער — די שאַפונגס פונקציע ניט אינגאַנצן אַרויסגעריסן געוואָרן פונם געניסער. דער געניסער איז ווייטער געבליבן דערזעלבער שעפערישער טייל אינם פּראָצעס פון קונסט שאַפונג, ווי דער קינסטלער אַלס דירעקטער קונסט שאַפער. עס איז דאַ פאַרנעקומען ניט מער ווי אַ דעצענטראַליזירונג פּראָצעס. עס האָבן זיך אויס־געטיילט באַזונדערע פונקטן פאַר באַזונדערע טעטיקייטן. ביים געניסער זיינען אָבער ניט צוגענומען געוואָרן אַלע שאַפונגס פונקציעס, נאָר היינט צו טאָג איז אויך דער געניסער אַ גלייכבאַרעכטיקטער שאַפער אָפּן גע־ביט פון קונסט, צוגלייך מיטן קינסטלער. ער איז פונקט אַזאַ נויטווענדיקער טייל פון שאַפונגס פּראָצעס ווי דער דירעקטער שאַפער.

דער קינסטלער אָן דעם געניסער שאַפט נאָר האַלב־קונסט, די האַלב־קונסט ווערט ערשט גאַנץ־קונסט און באַקומט ערשט איר טיקן, ווען זי ווערט דערגאַנצט פונם געניסער.

די ביכער וואָס ליגן אין דער פאַרשלאָסענער שאַפע זיינען נאָך ניט קיין גאַנץ־קונסט. די ביכער ווערן איצט גאַנץ־קונסט, ווען זיי באַהעפטן זיך מיטן געניסער. ווען אַ סטאַטוע שטייט אָפּן גאַס אינמיטן נאַכט, קיינער זעט זי ניט, איז דאָס ניט מער ווי האַלב־קונסט. גאַנץ־קונסט ווערט עס ערשט ווען מענשן גייען פאַרביי, עס ציט די מענשלאַכע אויפמערקזאַמקייט, און ווען דער מענש באַקומט די האַנאָע קוקנדיק אויף דער סטאַטוע.

ווען א קינסטלעריש ווערק געשאַפן פונם „קינסטלער־אינדי־ווידואום“ ווערט געגאַסן פון פיל מענשן, ווערט עס פון יעדן „אינדיווידואום־געניטער“ באזונדערס אויפגענומען. יעדער געניסער נעמט דאָס ווערק אויף אף זיין אייגנאַרטיקן אויפן. ווען דער קונסט פראָדוקט ווערט אויפגענומען פונם געניסער און דער געניסער לעבט אויס דורך דעם קונסט ווערק זיינע אייגענע קינסטלערישע עמאָציעס (ניט דעם שאַפערס) אינם פראָצעס פונם געניסן, דאַן באקומט ערשט דאָס קונסט ווערק זיין טיקן, דאַמאָלס ווערט דאָס ערשט באַפרוכפערט פונם געניסערס קינסטלערישע עמאָציעס. און אין דער באַפרוכפערונג שאַפט זיך ערשט גאַנץ־קונסט. דער געניסער, אויסלעבנדיק זיך דורכן שאַפערס ווערק, באקומט צוריק זיין, בא אים צוגענומענער קינסטלערישע שאַפונגס פונקציע. און די שאַפונג ווערט ערשט גאַנץ־קונסט.

דער איינציקער אונטערשייד אין דער שאַפונג פונם קינסטלער און שאַפונג פונם געניסער, איז וואָס דער „קינסטלער“ אין שאַפן זיין האַלב־קונסט, שאַפט ער, כאָטש א האַלבע, דאָך א קאָנקרעטע מאַמאָשעסדיקע זאַך. דער „געניסער“ דערגאַנצט דאָס אָדער באַ־פרוכפערט דאָס (דאָס הייסט די צווייטע העלפט פון זיין שאַפונג) מיט אבסטראַקט עמאָציאָנעלע אויסדרוקן און איבערלעבונגען. די קונסט פראָדוקציע איז דאַריבער אפהענגיק פוןביידע פאָלוסן: „שאַפער“—„געניסער“.

אויך פונקט ווי אין דער אַלגעמיינער פראָדוקציע איז קונסט אויך דירעקט אפהענגיק פון מאַרק. דער אָנבאָט פון דער נאָכפראַ־גע. דער קינסטלער ווערט באווירקט פון דעם וואָס מען וועט פון אים פאָדערן אפן. מאַרק, וואָס דער געניסער וועט פאָדערן. אָדער די וואָס האָבן די מעגלאַכקייטן צו געניסן פאָדערן. ווייל פון דעם איז דער קינסטלער עקאָנאָמיש אפהענגיק.

מיר זאָגן דאַריבער: עס איז שטענדיק פאַראַן אַ רעלאַטיווע קעגנווירקונג פון קינסטלער און געניסער, די פולע אויס־קריסטאַליזירונג און שאַפונג פון גאַנץ־קונסט קומט איצט פאָר ווען די שאַפונג ווערט באַפרוכפערט פונם געניסער.

אויב א קינסטלער זאָגט זיך, אַז אים גייט ניט אָן די גאַנצע וועלט, ער האָט האַנאָע פון זיין אייגענער שאַפונג, דער געניסער גייט אים ניט אָן, אים אַרט ניט צי זיין בוך וועט יאָ אָדער ניט געלעזן, — אַזאַ קינסטלער איז בעקלאַל אומבאַוואוסטזיניק אין דער פראַגע. אַזאַ קינסטלער שאַפט ניט מער ווי האַלב־קונסט, וועלכע וועט קיינמאָל ניט פאַרוואַנדלט אין גאַנץ־קונסט. גאַנץ־קונסט קאָן עס נאָר ווערן ווען דער צווייטער צאַד לעבט אויס דורך דער שאַפונג זיינע אייגענע קינסטלערישע עמאָציעס און זעט זיינע וויזיעס (און ניט דעם קינסטלערס) מיט דער הילף פון קינסטלערס שאַפונג.

די קונסט וואַרט אויף יענעם מאָמענט פון איר העכסטער אַנטוויקלונג ווען עס וועט פאָרקומען א דערנענטערונג פוןביידע פּאָלוסן, אַז די אַנטוויקלונג פון דער קונסט זאָל קומען צו יענעם סינטעז און זיך צוריק פיל דערנענטערן צו זיך אַליין. צו איר אייגענעם אורשפּרונג, נאָר מיט דער באַרייכערונג פון אַלע אויסדרוקס מעגלאַכקייטן, וואָס די קונסט האָט באַקומען אין דער אַנטוויקלונג אפן וועג צוריק צו זיך אַליין. אַז די מעכיצע פון שאַפער און געניסער זאָל צוריק אַוועקגענומען ווערן.

זעענדיק די רעלאַטיווע אָפּהענגיקייט פון דעם קינסטלער און געניסער און אַרויסגייענדיק פון דעם פריער געזאָגטן זעען מיר אַז קונסט שאַפונג, א שאַפונג פון א פולן קינסטלערישן פּראָדוקט, די שאַפונג פון גאַנץ־קונסט איז ניט קיין ריין אינדיווידועלער נאָר א סאָציאַלער פּראָצעס.

דער געניסער איז א וויכטיקער סאָציאַלער פאַקטאָר אין דער קונסט פּראָדוקציע, ערשטנס, דערמיט וואָס דער קינסטלער איז ניט מער ווי איין צאַד פון דעם פּראָצעס, און, צווייטנס, וואָס ער איז שטענדיק אויך אָפּהענגיק פון דער נאָכפראַגע.

* * *

נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט אַלע סאָציאַלע פאַקטאָרן אין דער קונסט, קאָנען מיר ניט זאָגן אַז קונסט איז אַזאַ שאַפונגס פונקציע, וואָס אירע רעזולטאַטן זיינען בלויז אָפּהענגיק פונם שאַפער, פונם אינדיווידואום. אַז די שאַפונג איז דעם קינסטלערס א פּריוואַט זאַך. שאַפן קונסט הייסט שאַפן א נוצלאַכן פּראָדוקט פאַר דער געזעלשאַפט.

די נויטווענדיקייט זיך קינסטלעריש אויסצולעבן, איז אַ נויט־ווענדיקייט פון יעדן, אפילע סאַמע פרימיטיוווסטן מענשן. קונסט איז אַ טייל פון דער געזעלשאַפטלאַכע פּראָדוקציע און פון דער געזעלשאַפטלאַכער קאָנסומפּציע. דער קונסט שאַפער איז שטענדיק אפּהענגיק פונם קונסט געניסער, שאַפן און געניסן זיינען ניט מער ווי צוויי פּאָלוסן פון דער געזעלשאַפטלאַכער נויטווענדיקייט, און דאָס איז אַ שטיק ווירקנדער סאָציאַלער פאַקטאָר אין דער קונסט.

דער קינסטלער וואָס זאָגט אז זיין שאַפן איז אַ פּריוואַט זאַך, עס גייט אים דאַריבער ניט אָן די גאַנצע וועלט, אז פון אים שטאַמט דאָס אבסאָלוטע, אז קיינער ווירקט ניט אַף זיין געמיטס צושטאַנד, ד. ה. ווען די געטלאַכע מוזע באַווייזט זיך צו אים, — אַזאַ קינסטלער קוקט קליינקעפּלדיק אַף זיין אייגענער שאַפונג. אַזאַ קינסטלער קאָן ניט האָבן יענעם אַלץ־ארומכאַפּענדן בליק אַף לעבן און קונסט. ווי לאַנג דער קינסטלער לעבט צווישן מענשן, קריגט זיינע איינדרוקן, זיין דערציאונג אין אַ באַשטימטער סוויווע, ווערט זיין שאַפונג סוגעסטירט פון זיין סאָציאַלער סוויווע. אויסער דעם איז די קונסט פּראָדוקציע שטענדיק אפּהענגיק פון די טעכנישע מיטלען. דורך וועלכע די קונסט פּראָדוקציע קאָן זיך אנטוויקלען, און פון וועלכע די קונסט פּראָדוקציע איז אפּהייגניק. די קונסט קאָן קיינמאָל ניט אריבערשפּרונגען די ראַמען פון די אויסדרוקס מעגלאַכקייטן.

און אָט יענע טעכנישע מיטלען זיינען אפּהענגיק פון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער אנטוויקלונג.

קונסט איז דאַריבער אַ סאָציאַלער פּראָדוקט.

## 6. סטאַטיק און דינאַמיק אין דער געזעלשאַפטלאַכער קולטור

נאָך איינע פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן, פון דער פּראָלעטאַרישער און בורזשואַזנער קולטור, וועלכע איז לויט מיין מיינונג, דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון די קלאַסן קולטורן אין דער מאָדערנער צייט, איז דינאַמיק קעגן סטאַטיק. ספּעציעל ווייזט זיך ארויס די כאַראַקטעריסטיק אין קונסט פאָרמען, ווי מאַלעריי, טעאַטער, פּאָעזיע, א. א.

די בורזשואַזנע קונסט פארקערפּערט אין זיך די געזעלשאַפט־

לאכע סטאטיק, די פּאַרגליווערטקייט, ווייל זי רעפּרעזענטירט מיט זיך אַ קלאַס וואָס האַלט ביים אָפּשטאַרבן. די פּראָלעטאַרישע קונסט פאַרקערפּערט אין זיך די דינאַמיק, ווייל זי רעפּרעזענטירט מיט זיך אַ קלאַס, וואָס הייבט איצט אָן איבערצונעמען די געזעל־שאַפט, אַ קלאַס אויף וועמען עס ווערט געבויט די צוקונפט. אַ קלאַס, וואָס פאַנגט איצט אָן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ אין דער געזעל־שאַפט. דאָס נייע, דאָס יונגע, רעפּרעזענטירט שטענדיק מיט זיך דאָס דינאַמישע, דאָס אָפּגעלעבטע, די עלטער, דאָס וואָס האַלט אין פאַרשווינדן רעפּרעזענטירט מיט זיך דאָס סטאַטישע.

דער פּראָלעטאַריאַט, לעבט ניט נאָר, אונטער אַנדערע ווירט־שאַפטלאַכע און קולטורעלע באַדינגונגען, ווי עס לעבט די בור־זשואַזיע, ניט נאָר איז זיין אידייאָלאָגיע קעגנזעצלאַך צום הער־שענדן קלאַס, נאָר אויך אין זיין גאַנצן מעהום שיידט זיך דער פּראָ־לעטאַריער אונטער, פון אַ מענש פונם קעגנזעצלאַכן קלאַס.

דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז דורכגע־דרונגען מיט דער מאַרקסיסטישער וועלט באַנעמונג, קאָן אין קיין שום געמיטס צושטאַנד ניט זיין קיין „רואיקער“, קיין צופרידענער. לויט זיין גאַנצן וועזן מוז ער האַסן די זעלבסטצופרידענע רואיקייט, וועלכע קאָן זיך אַזוי באַקוועם באַזעצן ביים פּיליסטער.

אַ רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיסט, אפילו אין זיין פּריוואַטן לעבן, געפינט ער אַ קוואַל פון באַפרידיקונג אין דער אומרואיקייט, אינם פּראָצעס פון „ווערן“. ער געפינט זיין גליק אין דעם שטענדיק ניט דערגרייכטן, ווייל פּסיכיש קאָן אַ פּראָלעטאַריער, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט דער מאַרקסיסטישער וועלט באַנעמונג, ניט אַנדערש קוקן אויף יעדן דערגרייכטן ווי אויף אַ רינגעלע פון דער אייביקער עוואָלוציאָנס קייט. דער יאָכיד־מאַרקסיסט, איז אויף אַזאַ אויפן אַן אומאַפּטיילבאַר טיילכל, פון דער גאַנצער מאַרקסיס־טישער וועלט באַנעמונג.

דאַקעגן דער פּיליסטער, וואָס רעפּרעזענטירט מיט זיך די גאַנצע לעבנס פילאָזאָפיע, פון אונטערגייענדע, אָפּשטאַרבנדע, איז אין זיין גאַנצן פערזענלאַכן איך, סטאַביל, ער איז אַ שטענדיקער צופרידע־נער. ער געפינט זיין גליק אין באַפרידיקונג אינם דערגרייכטן. באַ אים איז אַלץ דאָס „זיין“ און ניט דאָס „ווערן“. די אומרואיקייט,

די באוועגונג, דאָס שטענדיקע ניי זוכנדע איז די גרעסטע שטערונג אינם גליק פונם פיליסטער. דעם פיליסטער באַאומרואיקט די אינדוסטריעלע דערגרייכונגען פון דער גרויס בורזשואזיע אין די פּאָליטישע קולטורעלע דערגרייכונגען פון פּראָלעטאַריאַט, ווייל אין די דאָזיקע, קלאַסן רייבונגען, געפינט זיך דאָס קליינבירגערטום, אַזוי ווי ווייץ צווישן ריזיקע מילשטיינער.

דער רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיסט, געפינט זיין גליק אין דער שטענדיקער „אומצופרידנהייט" אין דעם שטענדיקן שטרעבן און אין דעם קיינמאָל ניט ביזן סוף דערגרייכטן.

דער גרונדטאָן פון דער מאַרקסיסטישער וועלט און געשיכטס אויפפאַסונג איז דער פּרינציפּ פון אייביקע פאַרענדערלאַכקייטן: ניטאָ קיין אבסאָלוט עקזיסטירנדעס נאָר אַן אייביקער פּראָצעס פון אויפלעזונג פון געזעלשאַפטס פאָרמען אין דער געשיכטע און אַן אייביק אומאויפהערלאַך פליסן אין דער נאַטור: אַ שטענדיקע אויפלעזונג און אַ ווידערגעבורט און אַן אומאויפהערלאַך שאַפן אין אַלע פאַזן פון דער עקזיסטענץ. די מאַרקסיסטישע וועלט באַנעמונג קאָן לויט איר מעהוס ניט האָבן קיין רו. דער העכסטער פּרינציפּ איז די אייביקע באַוועגונג.

מיר מאַרקסיסטן זיינען ניט נאָר רעוואָלוציאָנערן אין דער פּאָליטיק, נאָר אויך אין דער פילאָזאָפיע, ווי אויך אין אונדזער גאַנצער וועלט באַנעמונג פון וועלכע מיר זיינען אַ טייל, ווייל: מענש און געשיכטע גופא זיינען רעוואָלוציאָנער. אפילו די נאַטור, פּונקט ווי די געשיכטע, קאָן בלויז פּראָצעסן, דאַריבער געפינען מיר אַ קוואַל פון באַפרידיקונג אינם „ווערן", ווייל דאָס „זיין" איז אין אונדזערע אויגן אויך ניט עפּעס אַנדערש ווי אַ פּראָצעס פון ווערן. אונדזער דערקענטניש פון נאַטור און געשיכטע איז בלויז אַן אָפּבילדונג פון דעם אָביעקטיוון „זיין" וואָס איז „ווערן". דארי־בער קאָן די מאַרקסיסטישע וועלט און געשיכטס אויפפאַסונג, לויט איר אינערלאַכן וועזן ניט זיין סטאַטיש.

די פּראָלעטאַרישע וועלט אויפפאַסונג איז אַ טעטיקייטס פילאָ־זאָפיע, פּונקט אַזוי ווי דער פּראָלעטאַריאַט רעפּרעזענטירט מיט זיך די אַרבעט, אַזוי פילט ער נאָר די באַוועגונג.

נאָך פיל שאַרפער שפּיגלט זיך אָפּ די געזעלשאַפטלאַכע פּסי־

ביק אפן קינסטלער. דער פּראָלעטאַרישער קינסטלער פאַרקער־פערט אין זיך די דינאַמיק, צי ער איז יאָ אָדער ניט באַוואוסטזיניק דורכגעדרונגען מיט דער מאַרקסיסטישער וועלט באַנעמונג. ער פילט אין זיך דעם שטענדיקן נעשאַמע ציטער, די שטענדיקע באַוועגונג, און די דינאַמישקייט פון דער נייער צייט.

דער פּראָלעטאַרישער קינסטלער, ווערנדיק באַווירקט און סטי־מולירט פון זיין סוויווע, פילט אין זיך דעם „אומרו", וועלכער דריקט זיך אויס אין זיין שאַפן. די עפּאָכע פון דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג, די עפּאָכע פון גרויס אינדוסטריע, די עפּאָכע פון עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע איבערפאָרמירונגען אין דער געזעלשאַפט איז אַ דינאַמישע, אַ שטורמישע אָנזאָגענדע. דאַריבער געפינען מיר אין דער פּראָלעטאַרישער קונסט די פאַר־קערפּערונג פון דינאַמישן צושטאַנד אין דער געזעלשאַפט.

אין דער בירגערלאַכער קונסט פילן מיר די אפשפיגלונג פון דער סטאַטיק, פון דער פאַרגליווערונג.

עמעס אז דאָס סטאַטישע ווייזט זיך ניט פיל אַרויס בא דער גרויס בורזשואזיע, אָבער ביים קליינבירגערטום זעט זיך אָט די פאַרגליווערטקייט זייער שטאַרק אַרויס. דאָס קליינבירגערטום גאַרט נאָך די רואיקע אינטימלאַבקייט. זי זוכט זיך צו באַהאַלטן אין דער רואיקער שטילקייט, קעדיי ניט אומצוקומען אין דער גרויסער קלאַסן מילכאָמע. דער פּיליסטער איז דעריבער פיל מער ווי די גרויס בורזשואזיע דער אויסדרוק פון דער געזעלשאַפטלאַכער סטאַטיק.

די בורזשואזיע האָט קיין גרויסע קונסט ווערטן ניט געשאַפן. זי האָט פיל דערגרייכט אויף אַלע אַנדערע געביטן פון דער געזעל־שאַפטלאַכער קולטור. זי האָט אַנטוויקלט די געזעלשאַפט צו דער מאָדערנסטער אינדוסטריע. זי האָט אָבער זייער ווינציק, אָדער קימאַט גאָר ניט געשאַפן אויפן קינסלערישן געביט. די מאָדערנע בורזשואזיע באַפרידיקט זיך מערסטענס מיט אַנ'ערזאַץ פון קונסט, מיט אַ סורעגאַט פון קונסט, אָבער ניט מיט קונסט גופא. זי האָט פיל געשאַפן אויפן געביט פון דער אַזוי גערופענער מעכאַניזירטער קונסט. די עסטעטישע עמאָציעס פון דער בורזשואזיע לעבן זיך אויס מער אין דער טעכניק ווי אין דער ווענטלאַכער קונסט.

די גאַנצע קונסט וועלכע מיר באַצייכנען אַלס אַ בורזשואַזנע, איז אייגענטלאַך פיל מער אַ קליינבירגערלאַכע, אַ פיליסטישערע, ווי אַ גרויס בורזשואַזנע.

דער עמעסער קינסטלער, וועלכן מיר באַצייכנען אַלס בור־זשואַזנער, איז אייגענטלאַך ניט דורכגעדרונגען מיט דער אידיי־אָלאָגיע פון דער גרויס בורזשואַזיע, נאָר מיט דער אידייאָלאָגיע פון דעם שנעלער אונטערגייענדן קליינבירגערטום. מיט דער פאַר־גליווערטער כטאַטיש פיליסטערישער אידייאָלאָגיע.

מיר באַצייכנען זיי נאָר אַלס בורזשואַזנער ווייל זי דינט און איז אין די אינטערעסן פון הערשנדן קלאַס, אין עמעסן איז זי אַ קליינבירגערלאַכע.

די גרויס בורזשואַזיע האָט קיין גרויסע קונסט ווערטן קיינמאָל ניט געשאַפן. זי האָט נאָר געשאַפן גרויסע קונסט ווערטן, ווען זי האָט נאָך ניט געהאַט באַפעסטיקט איר פּאָליטישע מאַכט, און זיך נאָך ניט געהאַט באַפרייט פון אַדעלהערשאַפט. דאַמאָלס ווען די בורזשואַזיע איז נאָך געווען אַ שטורמיש אָנזאָגענדע פון נייע צייטן. יענע קונסט ווערטן באַצייכענען מיר אַלס בורזשואַזנע, ווייל זיי זיינען געקומען מיטן אויפשטייג פון דער יונג־בורזשואַזיע. יענע קונסטן זיינען אָבער אויך ניט געווען פון דער גרויס בורזשואַזיע, נאָר פון דאַמאָלס נאָך איינהייטלאַכן בירגערטום. אַ קונסט, פון דעם נייעם שטאָט־בירגער. אַזוי שנעל ווי די בורזשואַזיע האָט זיך פּאָליטיש באַפעסטיקט, די קלאַסן דיפערענציאַציע אין דער שטאָטי־שער באַפעלקערונג אליין, איז פאַרשאַרפט און אויסקריסטאַליזירט געוואָרן, האָן איז די ניי אַנשטאַנענע גרויס בורזשואַזיע באַלד אומ־פייאיק געוואָרן צו שאַפן אויף וועלכן עס איז קונסט געביט. די עמעסדיקע קונסט איז געוואָרן ניט מער, ווי דער אויסדרוק פון אונטערגייענדיקן קליינבירגערטום.

דאָ ווי די גרויס בורזשואַזיע האָט יאָ געשאַפן, קונסט. איז דאָס אַ דעגנירירטע קונסט. אַ קונסט וואָס האָט ניט קיין דויערענדן ווערט. איר קונסט איז אַ קונסט פון אויסגעלאַסנקייט. און אַט וואָס עס שרייבט דער גרויסער ראָמאַניסט און דענקער לעוו טאָל־סטאָי איבער דער קונסט פון דער גרויס בורזשואַזיע, אין זיין בוך „וואָס איז אַזוינס קונסט?“:

„אַ דאַנק דער אומגלייביקייט און די אויסשליסלאַכע לעבנס באַדינגונגען פון די רייכע קלאַסן, איז די קונסט פון די דאָזיקע קלאַסן אָרים געוואָרן אינהאַלט, און באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס זי גיט איבער די געפילן פון גאַווע, און ספּעציעלן די געפילן פון געשלעכטלאַכע טאַווע . . . און אַ כוץ דעם, ווערנדיק וואָס ווייטער אַלץ מער אַן אויסדרוק פאַר ספּעציעלע געפילן איז די קונסט געוואָרן אַלץ מערער קאָמפּליצירט, אומנאַטירלאַך און נישט קלאָר“.

האַגאַם לעוו טאָלסטאָי איז זיכער ניט קיין מאַרקסיסט, נאָר, דער ביטערסטער קעגנער אירער. דאָך זעט ער איין אַז „די אויס־שליסלאַכע לעבנס באַדינגונגען פון די רייכע קלאַסן“ האָבן גע־ווירקט אויף דעם כאַראַקטער און אויף דער אויסקריסטאַליזירונג פון דער קולטור פון אַ באַשטימטן קלאַס, ער האָט קלאָר געזען דעם קלאַסן כאַראַקטער פון דער געזעלשאַפטלאַכער קולטור.

מיר געפינען דעריבער ניט קיין גרויסע קונסט ווערטן בא דער בורזשואַזיע. און אין אַ צווייטע שטעלע זאָגט לעוו טאָלסטאָי: „מיט דער אַנטוויקלונג האָט די קונסט פון די העכערע קלאַסן אפילו אויפגעהערט צו זיין קונסט און איז אַלץ מער פאַרביטן געוואָרן דורך אַ פאַלסיפיקאַט פון קונסט“.

עס זיינען אָבער יאָ דאָ עמעסע גרויסע קונסט ווערטן, וואָס דינען דעם הערשנדן קלאַס. יענע גרויסע קונסט ווערטן דריקן אָבער מיט זיך אויס די אידייעלאָגיע פונם קליינבירגערטום. און יענע קונסט ווערטן, זייענדיק באַהערשט און סוגעסטירט דורך דער סוויווע פון קליינבירגערטום, איז דעריבער דורך און דורך אַ סטאַטישע, ווייל זי שפּיגלט מיט זיך אָפּ די לעבנס פילאָזאָפיע פון פיליסטער.

## 7. מאָדערניזם און פּרימיטיוויזם.

לויט דער פריערדיקער טעאָריע האָבן מיר געזען, אַז די פּראָ־לעטאַרישע קולטור, מוז זיין אַן אימפּולסיווע, אַ בונטאַרע און פאַרקערפּערט אין זיך דעם דינאַמישן צושטאַנד פון דער געזעל־שאַפט.

אויך ווען מיר באַטראַכטן די אַנטוויקלונג פון דער קונסט,

לויט די אַלגעמיינע געזעצן פון עוואָלוציע, זען מיר ווי יעדע שולע אין דער קונסט האָט אָפּגעשפּיגלט אויף אַ דירעקטן אָדער אומ־דירעקטן אופן, דעם געזעלשאַפטלאַכן צושטאַנד פון איר צייט.

אין דער מאָדערנער צייט זען מיר פיל נײַ אנטשטאַנענע שולן אין דער קונסט, אין דער מאַלעריי, אין טעאַטער, פּאָעזיע א. אַ. עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ זיך אַריינצולאָזן אין יעדער שול באַזונדער, אָבער אין אַלגעמיין ווערן די שולן אין דער נייער קונסט אנגערופן מאָדערניסטן. דאָס איז אַ פאַראײנהייטלאַכער נאָמען פאַר פיל נייע שולן.

ווען מיר באַטראַכטן די אַזוי גערופענע מאָדערניסטישע שולן, זען מיר אין די מערסטע פון זיי, די דינאַמיק אַלס זייער כאַראַקטער שטריך. די קוביסטישע מאַלעריי איז דורך און דורך אַן אימפּולסיוו דינאַמישע. דאָס מאָדערניסטישע טעאַטער, מיט זיין קאָנסטרוקטיוויזם, איז דאָך אוואַדע דינאַמיש. דאָס דינאַמישע אַלס כאַראַקטער שטריך, איז אַ רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינע סוויוועדיקע אידייאָלאָגיע, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט דער מאַרקסיסטישע וועלט באַנעמונג, פון איין זייט, און דעם דינאַמישן צושטאַנד, פון דער הויך אַנטוויקלטער אינדוסטריאַליזאַציע, פון דער צווייטער זייט. ביידע האָבן צווישן זיך געגנזעצלאַכע ווירקונגען, און זיינען אַ רעזולטאַט פון איין אורזאַך, פון די ווירטשאַפטלאַכע פאַרהעלטענישן.

אַרויסגייענדיג פון דעם שטאַנדפּונקט קומען מיר צום שלוס, אַז די מאָדערניסטישע ריכטונגען אין דער קונסט, זיינען אין די מערסטע פאַלן ניט עפּעס אַנדערש ווי פּראָלעטאַרישע קונסט, ווייל זיי שפּיגלען אין זיך אָפּ און פאַרקערפּערן אין זיך די פּראָלעטאַרישע לעבנס־פילאָזאָפיע, און דריקן מיט זיך אויס דעם אינדוסטריאַליזירענדן דינאַמישן צושטאַנד פון דער איבערגאַנגס צייט.

אויסער דעם דינאַמישן, זען מיר אָבער אויך אַ צווייטן שטריך, אין דער נייער פּראָלעטאַרישער קולטור, דאָס איז דער פּרימיטיוויזם. מיר באַגעגענען אין דעם נייעם טעאַטער אָדער מאַלעריי שטריכן פון פּרימיטיוויקייט. גאַנץ אָפט הערן מיר טאַקע, באַשולדיגונגען קענן דער נייער פּראָלעטאַרישער קולטור, קעגן די מאָדערניסטן, אַז זיי זיינען אייגנטלאַך ניט קיין ווייטער־

דיקע פאַרזעצונג אין דער אַנטוויקלונג פון דער קונסט. נאָר פאַר־קערט, זיי זיינען אַ צוריקגאַנג צום אַלטן, צום פרימיטיוון.

די אַלע באַשולדיגונגען זיינען אייגענטלאַך די זעלבע, וואָס די בורזשואַזנע אידייאַלאָגן וואַרפן פאָר דעם פּראָלעטאַריאַט, אַז זיי קאָנען קיין נייעס ניט שאַפן, און גאָר קיין העכערס ניט ברענגען צו דער מענשהייט. איר ווילט — טייגען זיי — ניט פאָרזעצן דער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט, נאָר מיט אייער קאָמוניזם ווילט איר צוריקגיין צו דער פרימיטיווער געזעלשאַפט.

סיי די וואָס וואַרפן פאָר אַז דער מאָדערניזם אין דער קונסט איז אַ צוריקגאַנג צום פרימיטיוויזם. און סיי די וואָס שרייען אַז אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, מיינט צעשטערונג פון דער רייכער בורזשואַזנער ציוויליזאַציע. אַז מיר ווילן צוריקפירן דאָס לעבן צו דער פרימיטיווער געזעלשאַפט — זיינעןביידע אידייאַלאָגישע פאַרטרעטער פון דער בורזשואַזיע. די ערשטע זיינען אירע פאַר־טרעטער אין דער קונסט, די צווייטע אין דער פּאָליטיק.

די בורזשואַזנע אידייאַלאָגן, סיי אין דער קונסט און סיי אין דער פּאָליטיק קאָנען ניט זען דעם מאַרקסיסטיש וויסנשאַפט־לאַך פילאָזאָפישן עמעס. זיי קאָנען ניט זען די מאַרקסיסטישע אַנטוויקלונגס לערע, אַז די פאָרם פון אַנטוויקלונג איז די באַ־וואוסטע „טראַדיע“, דאָס שטענדיק דורכגיין פון דריי פאַזן: דעם טעזיס, דעם באַשטימטן אויסגאַנגס פונקט, דעם אַנטי־טעזיס, אָדער דער געגענזאַץ פון אויסגאַנגס פונקט. און דער סינטעזיס, די צענויפשמעלצונג פון די פריערדיקע צוויי היפּוכים אין אַן איינהייטלאַך גאַנצעס. אָט דער דאָזיקער סינטעזיס איז דער העכסטער פאַרפאָלקאָמסטער צושטאַנד אין דער אַנטוויקלונג.

יעדע אַנטוויקלונג לויפט דורך אָט די דריי פאַזן. אויך די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט אַלס דער העכסט־פאַרפאָלקאָמסטער פאָרם פון דער געזעלשאַפטלאַכע אַנטוויקלונג, וואָס מיר קאָנען זיך נאָר היינט פאָרשטעלען. איז אַ סינטעז וואָס פאַרקערפּערט אין זיך די קלאַסנלאָזיקייט, דעם געמיינשאַפטלאַכן באַזיץ. פון דער פרימיטיוו קאָמונסיטישע געזעלשאַפט. ווי אויך דעם אַנטי טעזיס — די גאַנצע רייכע מענשלאַכע ציוויליזאַציע וואָס דער מענש האָט אויפגעבויט אין פאַרלויף פון אַלע געזעלשאַפטן פון פריוואַט

אייגענטום, ביזן היינטיקן טאָג. די אַנטוויקלונג קערט זיך צוריק אום צום אורשפּרינג, אַנזאַמלענדיק אַלע דערפאַרונגען, און אַלע רייכקייטן אפן וועג, פון צוריק צו זיך.

דאָס איז דער עמעס בנויגייע דער גאַנצער געזעלשאַפט. פונקט אזוי גוט ווי אין איינצעלנע צווייגן פון איר קולטור.

אויך אין דער מאדערניסטישע קונסט שולן באגעגענען מיר פיל שטריכן פון פּרימיטיוויזם, ווייל דאָרט איז שוין פאַראַן דער אָנפאַנג פון א נאַטירלאכן צוזאַמענגוס פון אלע פריערדיקע היפּוכים. דאָס נייע הייבט אָן אין זיך קוילעל צו זיין אַלע פריערדיקע שולן אין דער קונסט, דעם פּרימיטיוויזם אריינרעכנענדיק.

ניט בלויז אין דער קונסט, נאָר ווען מיר באַטראַכטן די דערציאונג אַלס א קולטור עלעמענט, זען מיר אין איר אַנטוויקלונג, ווי זי האָט דורכגעמאַכט דעם זעלבן אַנטוויקלונגס פּראָצעס. אין דער פּרימיטיווער צייט איז די דערציאונג פונם קינד, געווען דאָס לעבן אליין. ניט געווען קיין ספּעציעלע דערציאונגס אינסטיטוציעס. נאָר די סוויווע, די היים, דער שייוועט, האָבן דערצויגן דאָס קינד. דאָס קינד איז געוואָרן דערצויגן דורך זיין אַנטייל אינם לעבן פון שייוועט. מיט דער אָנזאַמלונג פון גייסטיקע דער־פאַרונגען, מיט דער ווירטשאַפטלאַכע ווי אויך אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג, איז אַלץ שווערער געוואָרן אַז דאָס קינד זאָל אַלע זיינע ידיעס באַקומען אין דער מישפּאָכע. דאָס וויסען, האָט שוין געמוזט איבערגעגעבן ווערן אויף אַן אָרגאַניזירטן און קאָנצענט־רירטן אויפן. דאַן איז אַנטשטאַנען די שול. די ספּעציעלע דער־ציאונגס אינסטיטוציע.

דורך דער שול איז דאָס קינד אַלעמאָל מער געוואָרן אָפּגע־ריסן פון לעבן. די שול האָט געשאַפן א וואַנט צווישן דעם רעאַלן לעבן און דער ערציאונג וואָס דאָס קינד באַקומט אין שול.

די מאָדערנסטע פּעדאַגאָגיק פאַרנעמט זיך שוין צוריק מיטן פּראָבלעם, ווי אזוי וואָס ענגער צוזאַמענצובינדן די דערציאונג מיטן לעבן. זי גייט צוריק צו איר אורשפּרונג אַז די דערציאונג דאַרף זיין דאָס לעבן אליין, אָבער אף אַן אָרגאַניזירטן אויפן, דערצו ווערן אָפּגעשאַפט די ענגע צאַמען פון די שול ווענט, און דאָס קינד באַקומט זיין דערציאונג דורך אַרבעט, דורך אַנטייל

אין דעם לעבן פון דער געזעלשאַפט. זי איז צוריקגעקומען צו איר אורשפרינג, מיט א באַרייכערונג פון דערפאַרונגען, וואָס זי האָט אָנגעזאַמלט אפן וועג צוריק צו זיך.

באטראַכנדיק דעם מאָדערניזם אין דער קונסט פון דעם פריער אַרויסגעבראַכטן שטאַנדפונקט, זען מיר גאַנץ בוילעט פאַר וואָס די פּראָלעטאַרישע קונסט דריקט זיך אויס אין דעם מאָדער־ניזם.

פאַרשטייט זיך אז עס זיינען אויך פאַראַן פיל נייע שולן אין דער קונסט, וואָס רופן זיך אויך מיטן נאָמען מאָדערניסטן, און דאָך פאַרקערפּערן זיי אין זיך די אידייאָלאָגיע פון בירגערטום. אלס איינע פון די דאָזיקע שולן אין דער פּאָעזיע אויף דער אידישער גאַס, קאָן מען באַטראַכטן די אַזוי גערופענע „אינזיכיסטן". דאָס גראָבן זיך אין זייערע אייגענע נישאָמעס, די מוירע ארויסצושטעקן דעם קאָפּ פון דער נאָרע, די מוירע פון באַטראַכטן די וועלט ווי זי איז אין דער קעגנוואַרט. ארויסצוגיין אויסער די גרעניצן פון אויסער זיך אליין, איז ניט מער ווי די אידייאָלאָגיע פונם פיליסטער, — אויסגעדריקט אין א קינסטלערישע פאָרם, — ניט צו געבן א קוק וואָס עס הערט זיך אין דער וועלט, נאָר צו האָבן אין זין דעם אייגע־נעם איך. דער פיליסטער שרעקט זיך פאַר דער וועלט, אלס פּויעל יוצע פון דעם, הייבט ער זיך אָן גריבלען אין זיך. ער גיט זיך אָפּ בלויז מיט זיינע נעשאָמע גריבלערייען און פאַרצווייפלטע קרעכצערייען.

אויך ריין קינסטלעריש גענומען זיינען זיי קיינמאָל ניט איבערצוגעבן פּינקטלעך זייערע געמיטס־טענער, ווייל דורך אינטראָספּעקטיווע מיטלען קאָן מען קיינמאָל ניט אויס־פאָרשן קיין באַשטימטן געמיטס־טאָן. ווייל אַזוי שנעל ווי עס קומט נאָר דער באַוואוסטזיין צום קינסטלער, לאָמיך נאָר אריינ־קוקן אין זיך, און זען וואָס עס הערט זיך בא מיר, איז אין דעם פּראָצעס פון באַוואוסטזיין ענדערט זיך שוין דער פריערדיקער געמיטסטאָן. אויף וויפל עס איז דאָ אין זייער שולע טאַלאַנטפולע קינסטלער, אויף אַזויפיל זיינען זיי טאַקע ניט קיין אינזיכיסטן אין זייער שאַפונג. די באַגרינדונג אָבער פון זייער שולע, איז דורך און דורך א פיליסטערישע. זיי זיינען, אייגנטלעך, ניט קיין מאָדער־

גיסטן, ניט קיין רעזולטאַט פונם נייעם, נאָר פון דעם שרעקענדיקן אונטערגייענדיקן קליינבירגערטום.

ווען מיר רעדן פון מאָדערניזם, מיינען מיר, יענער וואָס ווערט געטראָגן פון דעם ניי־אויפגייענדן קלאַס צו א ניי לעבן. יענער מאָדערניזם וואָס דריקט מיט זיך אוים די אימפולסיוויקייט פון דער איבערגאַנגס צייט. און ניט ווען מיט שרעק אין די אויגן, ווערט איבערגעגעבן דאָס דינאַמישע, ווייל אויך דער קליינבירגערלאכער קינסטלער ליגענדיק אין מוויזן־לאָך, קאָן אויפהערן אַף א מינוט צו כאַלעמען זיינע אידיליעס, און דערשרעקענדיק זיך פאַר דער שטורעמדיקייט פון דער צייט, קלאַפּענדיק א צאָן אין א צאָן פאַר שרעק. קאָן ער אויך עפּעשער אמאָל זיין דינאַמיש. זיין דינאַמישקייט איז א ציטערדיקע, פון מוירע, און ניט קיין שעפערישע קאָנסטרוקטיווע. דאָס בלייבט שוין אָבער איבער צו דער אונטערזוכונג פון יעדער באַזונדערער שאַפונג.

## 8. קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם.

א מיספאַרשטיין די פראַגע פון פּראָלעטאַרישע און בורזשואַזנע קולטור, נעמט זיך אויך, לויט מיין מיינונג, פון דעם ניט ריכטיק אָפּשאַצן די ראָלע און באַדייטונג פון קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם אין דער געזעלשאַפטלאַכער קולטור.

לויט קערזשענצעוון קומט אוים, אז דער איינציקער אונטערשייד פון פּראָלעטאַרישע ביז בורזשואַזנער קולטור, איז נאָר קאָלעקטיוויזם קעגן אינדיווידואַליזם. די נייע פּראָלעטאַרישע קולטור דריקט מיט זיך אוים דעם קאָלעקטיוויזם, אין קעגנזאַץ פון דער בורזשואַזנער, וועלכע דריקט מיט זיך אוים דעם אינדיווידואַליזם. אַלע אַנדערע אונטערשיידן פון דער פּראָלעטאַרישער און בורזשואַזנער קולטור, זיינען ניט מער ווי באַזונדערע ארויסשטראַלונגען פון די הויפּט שטריכן.

אָנצונעמען קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם, אַלס די צענטראַלע פונקטן, פון וועלכע מיר זאָלן באַטראַכטן די געזעלשאַפטלאַכע קולטור, — ווי עס טוט קערזשענצעוו, — וואָלט געווען פאַלש, בלויז שוין דערפאַר וואָס מיר קענען ביקלאַל ניט שטעלן ציען א שאַרפע ליניע צווישן קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם.

ניט אַלע מאָל און ניט אין אַלע פאַלן, איז דער קאָלעקטיוויזם דער אויסדרוק פון דער פּראָלעטאַרישער, און דער אינדיווידואַליזם דער אויסדרוק פון דער בורזשואַזנער קולטור. עמעס, מיר דאַרפן טאַקע ציען אַזאַ ליניע, אָבער זי ניט צו ווייט פאַרציען ביז אַנ'אַבסורד.

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אורשפּרינגלאַכן קאַפּי־טאַליזם איז דער אינדיווידואַליזם, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין די פילאָזאָפיעס פון דער יונג־בורזשואַזיע, און אַמבוילעטסטן האָט ער זיך אויסגעדריקט אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין דעם לאָזונג: „לאַסעי פעיר, לאַסעי פּאַסעי". (לאָזט טאָן, לאָזט גיין). עקאָנאָמיש האָט זיך דאַן דער אינדיווידואַליזם אויסגעדריקט אין דער פרייער קאָנקורענץ. פּאָליטיש האָט מען געקעמפט פאַר דער פרייהייט פונם יאָכיד. די פרייהייט פונם יאָכיד, ניט אין די אינטערעסן פונם קלאַל, נאָר פאַר זיינע אייגענע אינטערעסן. אַלס רעזולטאַט פון די דאַמאָלסטיקע נייע פּראָדוקציאָנס פאַרהעלט־נישן, האָט זיך דאַן אויך געמוזט אויסקריסטאַליזירן אַן אינדיווי־דואַליסטישע אידייאָלאָגיע פון וועלכע די בורזשואַזיע איז געווען איר טרעגער.

דער קאַפּיטאַליזם איז אָבער שוין גאַנץ ווייט אַוועק פון זיין אורשפּרונג. עקאָנאָמיש איז פאַרשוואונדן די פרייע קאָנקורענץ און ס'זיינען אַנטשטאַנען די טראָסטן. די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג האָט אינגאַנצן פאַראומעגלאַכט די אינדיווידועלע פרייהייט, וועלכע איז געווען דער טרוים פון די אידייאָלאָגישע פאַרטרעטער פון דער יונג־בורזשואַזיע. דאָס גאַנצע פּאָליטישע לעבן איז פאַרקאָלעקטי־וויזירט געוואָרן. דער הערשנדער קלאַס איז עקאָנאָמיש פאַראייניקט אין גרויסע קאָלעקטיוון. אויך פּאָליטיש איז ער פונקט ווי דער אַרבעטער קלאַס פאַראייניקט אין אַ קאָלעקטיוו, מיטן שטאַט אַלס איר אויסדרוק, און קעמפט קעגן די ניי־אויפשטייגנדע רעוואָלו־ציאָנערע קויכעס פונם פּראָלעטאַריאַט.

אַלס רעזולטאַט פון די ענדערונגען פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, האָט די בור־זשואַזיע אויך אין אַ געוויסער מאָס פאַרלוירן איר אורשפּרינגלאַכע ריינע אינדיווידואַליסטישע אידייאָלאָגיע. די אינטעליגענץ אירע,

אף וויפיל זי איז באהערשט פון דער קליין בירגערלאכע אידייאָ־לאָגיע איז אינדיווידואַליסטיש, די קלאַסן אידייאָלאָגיע פון דער גרויס בורזשואַזיע איז שוין אין פיל פאַלן קאָלעקטיוויסטיש. די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין וועלכע די בורזשואַזיע אלס קלאַס געפינט זיך, ווי אויך אירע פּאָליטישע אינטערעסן און איר קאַמף קעגן ארבעטער קלאַס איז קאָלעקטיוויסטיש. אָבער ווען דער קאָלעקטיוויזם רייסט זיך אריין אין דעם הייליקסטן פרינציפּ פון דער בורזשואַזיע: „דאָס אומבארירליכקייט פון פריוואַט אייגנטום", דאַן ווערט זי שוין צוריק שטרענג אינדיווידואַליסטיש.

אויב מיר נעמען אָן אז די אידייאָלאָגיע פון א געזעלשאַפט אָדער קלאַס איז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין דער באשטימונג פון איר קולטור כאַראַקטער, דאַן קאָנען מיר שוין ניט זאָגן אז די בורזשואַזנע קולטור איז שטרענג אינדיווידואַליסטיש. עמעס טאקע אז דער מעהוס פון אורשפּרינגלאכן קאַפּיטאַליזם איז דער אינדיווי־דואַליזם. אונטערן דרוק אָבער פון דערווירטשאַפטלאכער אנט־וויקלונג, באווייזן זיך אלץ שטאַרקערע שפּורן פון קאָלעקטיוויזם אין דער בורזשואַזנער קולטור.

און פאַרקערט, הגם דער קאָלעקטיוויזם איז, לויט קערושענ־צעוון, דער הויפּט שטריך פון דער פּראָלעטאַרישער קולטור, דאָך איז ניט אלץ וואָס איז קאָלעקטיוויסטיש פּראָלעטאַריש.

אין דער מענשלאכער געשיכטע באגעגענען מיר פיל עפּאָכן, ווי די ווירטשאַפטלאכע באדינגונגען האָבן ארויסגערופן קאָלעקטי־וויסטישע אידייאָלאָגיעס. דאָס קריסטענטום איז געווען דורך און דורך א קאָלעקטיוויסטישער שטריך אין דער דאַמאָלסדיקער געזעל־שאַפטלאכער קולטור.

די דעמאָקראַטיזירונג פונם אידישן לעבן דורכן כאסעדיזם איז געווען א באוועגונג פון קאָלעקטיוויזם קעגן אינדיווידואַליזם. דער כאסעדיזם איז אין אידישן לעבן געווען א געוואַלדיק גרויסע קולטורעלע דערשיינונג, וועלכע איז אריינגעבראכט געוואָרן אין אידישן לעבן, אויף די פליגלען פון א קאָלעקטיוויסטישער אידייע. דער כאסידיזם איז געווען א רעאקציע קעגן דעם שטרענגן אינדי־ווידואַליסטישן מיסנאַגדוס. דאָך האָט דאָס קריסטנטום אָדער דער כאסידיזם אָדער פילע אַנדערע ענלאכע באוועגונגען אין דער

געשיכטע, קיין שום געמיינזאַמעס ניט מיט דער פּראָלעטאַרישער קולטור.

עמעס טאַקע אַז דאָס קריסטענטום, אָדער דער כאַסעדיזם, האָט ניט געזוכט מיטן וואָרצל צו ענדערן דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבן, און עס באַזירן אויף די פאַרגעזעלשאַפטלאַכונג פון די פּראָדוקציאָנס מיטלען. דאָס קריסטענטום איז נאָר געווען קאָלעקטיוויסטיש אויף אַזוי פיל, וויפל זיי האָבן געהאַט די אידייע פון שאַפן אַ קאָנסום קאָמוניזם. און דער קאָלעקטיוויזם ביים כאַסעדיזם האָט זיך נאָר אויסגעדרוקט אין דער דעמאָקראַטיזירונג פון אידישן לעבן. דאָך זיינען זיי אין אַ געוויסער מאָס געווען באַאיינפלוסער פון דער קאָלעקטיוויסטישער אידייע אף די דאָמאָלסטיקע קונסט שאַפונגען.

מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן אַז די פּראָלעטאַרישע קולטור ווערט געשאַפן אין דער עפּאָכע פון פּריוואַט אייגנטום, אין דער עפּאָכע פון אַ קלאַסן געזעלשאַפט.

ביקלאַל דאַרפן מיר זיין זייער פאָרזיכטיק, האַנדלענדיק מיט די טערמינען: קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם. באַטראַכטנדיק פון אַ מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט קאָנען מיר ניט זאָגן — ווי עס זאָגט קערזשענצעוו — „אַז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער פּראָלעטאַרישער אָדער קאָמוניסטישער מיט דער בורזשואַזנער קולטור איז נאָר קאָלעקטיוויזם קעגן אינדיווידואַליזם. און אַלע אַנדערע אונטערשיידן זיינען ניט מער ווי באַזונדערע ארויסשטראַלונגען פון די צענטערן".

עמעס טאַקע, אַז דער קאַמף וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פירט, איז אַ קאַמף פון אַן אָרגאַניזירטן קאָלעקטיוו, און אויך אַז אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט וועט דאָס פּריוואַט אייגנטום פאַרקאָלעקטיוויזירט ווערן. און אַז ברייטע מאַסן ארבעטער פּראָדוצירן שוין היינט צו טאָג קאָלעקטיוו און איינער איז פון צווייטן אָפּהענגיק. דאָך דאַרפן מיר זיך ניט פאָרשטעלן קיין מעכאַנישן קאָלעקטיוויזם אויף אַלע געביטן פון מענשלאַכן לעבן. איינצלנע קאָלעקטיוויסטישע שטריכן פון דער עקזיסטירנדער קולטור וועלן עפּשער אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט פאַראינדיווידואַליזירט ווערן. ווייל נאָר אין אַ קאָמוניסטישער

געזעלשאפט וועט זיין א מעגלאכקייט אז ס'זאָלן אנטשטיין אינדי־ווידואַליטעטן — אלזייטיק, האַרמאָניש אנטוויקלטע פּערזענ־לאכקייטן.

ווען מיר באטראכטן אזא פראַגע ווי די עסטעטיק אַלס געוויסער קולטור עלעמענט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, זען מיר אַז די עסטעטיק אין דער עקזיסטירענדער געזעלשאַפט האָט אין זיך ניט קיין שום ברעקל אינדיווידואַליטעט. די מאָדע וועלכע איז א פּראָדוקט פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, האָט פּארקאָ־לעקטיוויזירט די עסטעטיק איבער קליידונג. קיינער וועט ניט וואגן צו באווייזן זיך פּאַר אַנדערע מענשן אין גאַס, אַנדערש געקליידט, ווי אַלע אַנדערע. צופּאַסן קליידער צו דער אינדיווידועלער עסטע־טיק איז גאָר ניט פאראַן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

אָדער, ווען מיר באטראכטן ווי אזוי מענשן מעבלירן היינט אויס זייערע וואוינונגען, געפינען מיר דאָרט ניט קיין שום אָריגי־נאַליטעט, קיין שום אינדיווידועלע עסטעטיק. נאָר דאָס וואָס עס איז מאָדיש.

איר וועט אינם קאַפּיטאַליסטישן אַמעריקא אַדורכגיין צענד־ליקער גאַסן און ניט קאָנען געפינען קיין שום אונטערשייד פון איין גאַס צו דער צווייטער, פון דער אַרכיטעקטור פון איין הויז און דעם צווייטן. אַלץ איז צוגעשניטן לויט איין ווילן, לויטן ווילן פון א קאָנטראַקטאָר, וואָס נעמט זיך אונטער צו בויען גאַנצע גאַסן און עפּשער גאַנצע שטעט.

אין אָט אזא וויכטיקן קולטור עלעמענט ווי די עסטעטיק זעען מיר גאָר, אַז אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז זי דורך און דורך פּאַרקאָלעקטיוויזירט געוואָרן און וועט עפּשער איצט פּאַראינדיווידואַליזירט ווערן אין דער צוקונפטיקער קלאַסנלאָזער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

זעלבסטפאַרשטענדלאך, אַז אין דער קאַפּיטאַליסטישער גע־זעלשאַפט, קאָן די עסטעטיק זיך ניט אנטוויקלען אין דער געהערי־קער הויך, ווייל די עסטעטיק פונם יאָכיד, אריינגיסנדיק זיך אין א קאָלעקטיוו, מוז זי פּאַרפלאַכט ווערן, מוז אָנווערן איר אָריגינאַלי־טעט. דאַגעגן, אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וואו די פּראָ־דוקציע וועט ניט זיין לישעם פּראָפיט, וועט לויט אַלע וואַרשיינ־

לאַכקייטן זיין אַ פאַרשידנפאַרביקייט און אָריגינאַליטעט אין דער נעזעלשאַפטלאַכער עסטעטיק.

אַט די פריער אָנגעוויזענע ביישפּילן באַווייזן אונז, אַז די דאָזיקע ליניע ווי זי ווערט געצויגן פון קערזשענצעוון און פון פילע אַנדערע, איז ניט אומעטום אויסגעהאַלטן און ניט אומעטום קאָן מען זי אָנווענדן.

די צוקונפטיקע קאָמוניסטישע געזעלשאַפט וועט ניט שאַפן קיין מעכאַנישן קאָלעקטיוויזם, און וועט אויך זיין גאַנץ ווייט אוועק פונם היינטיקן אינדיווידואַליזם. די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט וועט פון זיך ארויסברענגען אַן אויסקריסטאַליזירטן נאַטירלאַכן סינטעז צווישן די שטענדיקע סטירעס פון קאָלעקטיוויזם און אינדי־ווידואַליזם. מיר ווען אין דער צוקונפט ניט האָבן דעם קאָלעק־טיוויזם פון דער פרימיטיווער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וועלכער איז נאָר געווען אַ שטאַרקע צוים, אַז די פרימיטיווע געזעלשאַפט זאָל זיך ארויסהייבן פון איר פרימיטיווקייט. מיר וועלן אָבער דאָן אויך ניט האָבן דעם שטרענגן אינדיווידואַליזם פון די געזעלשאַפטן פון פריוואַט אייגנטום און ספּעציעל דעם אינדיווידואַליזם פון פריעסטן קאַפּיטאַליזם, נאָר אַ סינטעז פון די פריערדיקע צוויי היפּוכים.

די פּראָלעטאַרישע, און נאָך מער, די צוקונפטיקע קאָמוניס־טישע קולטור איז נאָר אויף אַזוי פיל קאָלעקטיוויסטיש, אויף וויפיל זי שטעלט העכער די אינטערעסן פון קלאַל, ווי די אינטערעסן פון יאָכיד. זי איז אויף אַזויפיל אינדיווידואַליסטיש, אויף וויפיל זי שאַפט און ברענגט מיט זיך ארויס פּערזענלאַכקייט אינדיווידואַלי־טעטן, וועלכע גיסן זיך צוזאַמען מיט די אינטערעסן פון קלאַל.

פון דעם פריער געזאָגטן דאַרף זיין קלאָר, אַז רעדנדיק איבער פּראָלעטאַרישע און בורזשואַזנע קולטור, דאַרפן מיר טאַקע ציען אַ ליניע צווישן קאָלעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם, אָבער דערביי זיין גאַנץ פּאָרזיכטיק און ניט צו ווייט פאַרציען די ליניע, און באַ־טראַכטנדיק די פראַגע, אויסטיילן יעדן עלעמענט באַזונדער צום באַ־האַנדלען. און ניט אָננעמען אַבסטראַקט, אינדיווידואַליזם און קאָלעקטיוויזם אַלס די איינציקע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער פּראָלעטאַרישער און בורזשואַזנער קולטור.

## 9. פראָלעטאַרישע אָדער קאָמוניסטישע קולטור

דער הויפּט טאָעס אין דער פראַגע ווערט געמאַכט דורכדעם וואָס די מערסטע אינדענטיפיצירן די פּראָלעטאַרישע מיט דער דער קאָמוניסטישער קולטור. מען האָט אין א געוויסן זין מוירע אריינצוברענגען א מעכיצע צווישן דער פּראָלעטאַרישער און קאָמוניסטישער קולטור.

אין א געוויסן זין איז דאָס ניט ציען א ליניע צווישן דער פּראָלעטאַרישער און קאָמוניסטישער קולטור פיל באַקוועמער, און טאקע צוליב אָט דער באקוועמלאכקייט פאלו פיל אריין אין א טאָעס און דענקען אז קאָמוניסטישע קולטור איז איינס און דאָס זעלבע ווי פּראָלעטאַרישע, ווייל דער פּראָלעטאַריאַט איז דאָך דער טרעגער פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

דער פונדאַמענטאַלער טאָעס באַשטייט אין דעם, וואָס די אַלע פארגעסן נאָר איין קלייניקייט: אז פון דער פּראָלעטאַרישער ביז צו דער קאָמוניסטישער קולטור ליגט א גאַנצע היסטאָרישע טקופע, וועלכע איז אויסגעשפּרייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַסן־געזעלשאַפט, ביז צו דער קלאַסענלאָזער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט.

אָט אפילו אזעלכע וויכטיקע ספּעצן אין דער פראַגע ווי קער־זשענצעוו און טראָצקי מאַכן אויך אָט דעם טאָעס און מישן צו־זאַמען די פּראָלעטאַרישע מיט דער קאָמוניסטישער קולטור.

זיי ווילן דאָס דערקלערן דערמיט וואָס דער פּראָלעטאַריאַט איז דער טרעגער פון דער נייער געזעלשאַפט,, דאריבער איז די פּראָלעטאַרישע קולטור די זעלבע זאַך ווי די קאָמוניסטישע, און אין ערגסטן פאַל איר אָנפאַנג.

אָט אזא מיינונג איז דורך און דורך פאַלש און מוז פון יעדן דענקענדען מארקסיסט באַשטריטן ווערן. אין איינעם פון זיינע אָפּהאנדלונגען איבער פּראָלעטאַרישע קולטור שרייבט קער־זשענצעוו:

„דאריבער ווייל אין דער איבערגאַנגס צייט מערקט זיך מער קאַמף ווי סאָלידאַריטעט, מער האַס ווי ברידערלאַכקייט און עפּשער מער צערשטערונג ווי אויפבוי, דאריבער ווילן אייניקע פון אונדז ציען א ליניע פון פּראָלעטאַרישע און קאָמוניסטישע קולטור...“

יא, מיר ציען טאקע אזא ליניע, אָבער ניט בלויז דערפאר וואָס היינט איז דאָ מער צערשטערונג ווי אויפבוי, נאָר די הויפט־זאך דערפאר וואָס די פּראָלעטארישע קולטור איז א רעזולטאט פון א קלאסן געזעלשאפט, ווי עס איז פאראן אן עקספּלאָאטירנדער און עקספּלאָאטירטער קלאס. די קאָמוניסטישע קולטור וועט זיין א רעזולטאט פון א קלאסנלאָזע קאָמוניסטישע געזעלשאפט.

פאר אונז רעוואָלוציאָנערע מארקסיסטן איז קלאָר: אז די קולטור אין אלע אירע פאָרמען איז א רעזולטאט און איז אפּהענגיק פון דער געזעלשאפטלאכער אידייאָלאָגיע, וועלכע וואקסט ארויס פון באשטימטע פּראָדוקציאָנס פארהעלטנישן. א קאָמוניסטישע קולטור וואָלט דאריבער געהייסן אזא קולטור וואָס איז ארויסגע־וואקסן פון קאָמוניסטישע פּראָדוקציאָנס באציאונגען. דער פּראָ־לעטאריאט מארשירט טאקע שטאָלץ און אומדערשראָקן אנטקעגן דער צוקונפט, ער שאפט אָבער דערביי ניט קיין צוקונפט קולטור, נאָר א קעגנווערטיקע קולטור, וועלכע איז א רעזולטאט פון קעגנ־ווערטיקע פּראָדוקציאָנס באציאונגען. א צוקונפט קולטור קאָן פון הימל ניט אראָפּפאלן. זי וועט איצט קומען אין דער צוקונפטיקער געזעלשאפט, וואו די מענשלאכע אידייאָלאָגיע וועט זיין א גאנץ אנדערע, און בעמיילע אויך איר גאנצע קולטור.

די געזעלשאפטלאכע באציאונגען ענדערן זיך צוזאמען מיט די פּראָדוקציאָנס מעטאָדען. די קולטור פון דער געזעלשאפט: איר קונסט, איר פילאָזאָפיע, א. ז. וו. זיינען די אידייאָלאָגישע ארויס־שטראלונגען פון דער געזעלשאפטלאכער פּסיכיק, וועלכע איז אליין א רעזולטאט פון דעם פּראָדוקציאָנס צושטאנד. אין פארשידענע טקופעס נעמט די קונסט אָן פארשידענע פאָרמען, די קאנווע פון דעם קינסטלערישן געוועב איז אין יעדער עפּאָכע אויסגעפילט מיט א גאנץ אנדערן אינהאלט.

קונסט דינט טאקע דאריבער אלס מאַטעריאל פארן היסטאָ־ריקער, ווייל אין דער קונסט שפּיגלט זיך שטענדיק אָפּ דאָס גע־זעלשאפטלאכע לעבן פון א באשטימטער עפּאָכע. אמאָל שפּיגלט זיך דאָס געזעלשאפטלאכע לעבן אָפּ אויף א דירעקטן און אמאָל אויף אן אומדירעקטן אויפן.

די געזעלשאפטלאכע קלאסן זיינען נאָך קיינמאָל אין דער

מענשלאכער געשיכטע ניט געווען אזוי שארף פאנאנדערגעטיילט, אויף אלע געביטן פון מענשלאכן לעבן, ווי אין דעם איצטיקן הויך־אנטוויקלטן קאפיטאליזם, דאריבער איז די געזעלשאפטלאכע קול־טור אין די מערסטע פאלן א קלאסן קולטור. מיר האבן דא־ריבער אויך א פראלעטארישע און בורזשואזנע קלאסן־קונסט.

פאר אונדז דארף גאר קיין צווייפל נישט זיין, אז די געזעל־שאפטלאכע אידייאלאגיע, די מאראל און עטיק זיינען די וויכטיק־סטע פאקטארן אין דער באשטימונג פון דער מענשלאכער קולטור. מיר באטראכטן די געזעלשאפטלאכע אידייאלאגיע (אידייאלאגיעס) אלס רעזולטאט פון די פראדוקציאנס באציאונגען. די היינטיקע פראדוקציאנס באציאונגען שאפן ביים פראלעטאריאט א גאנץ באשטימטע אידייאלאגיע, וועלכע איז פונקט לעהיפוך צו דער גע־זעלשאפטלאכע אידייאלאגיע פון הערשענדן קלאס. און אט די פרא־לעטארישע אידייאלאגיע און די סוויווע פון דעם פאליטישן קאמף זיינען די וויכטיקסטע פאקטארן אין דער פארמירונג פון א פרא־לעטארישע קולטור, וועלכע דריקט אויס איר כאראקטער אין פאר־שידענע קולטור עלעמענטן און קולטור דערשיינונגען. דער פרא־לעטאריאט באטראכט אויך זיין קולטור אלס מיטל פון קאמף קעגן הערשענדן קלאס, די קלאסן קולטור איז ביים פראלעטאריאט פונקט ווי בא דער בורזשואזיע, א קאמפס־געווער. די פראלעטארישע קולטור העלפט מיט דעם באפרייאונגס קאמף פון ארבעטער קלאס און דאס איינארדנען א נייע געזעלשאפט, וואו עס וועט זיך אויך שאפן א נייע קולטור.

דער קאמף צווישןביידע געזעלשאפטלאכע קלאסן קומט פאר אויפן קולטורעלן פראנט, פונקט אזוי גוט ווי אויפן עקאנאמישן אדער פאליטישן. אין קעגנזאץ צו דער היינטיקער קולטור וועט די צוקונפטיקע קאמוניסטישע קולטור ניט זיין א מיטל פון קאמף קעגן א צווייטן געזעלשאפטלאכן קלאס, נאר די קולטור, פונקט ווי די גאנצע געזעלשאפט וועט זיין קלאסנלאז.

קענען מיר שאפן צוקונפטס קולטורן? זיכער ניין. ווייל מיר ווייסן אז צווישן די באדינגונגען אין דעם מענשן איז פאראן א קאמפליצירטע אקטיווע ווירקנדע וועקסל באציאונג. דער מענש גופע מיט זיין גאנצער שאפונג איז א ווערקצייג פון די היסטארישע

באדינגונגען. אין דער איצטיקער היסטאָרישער קעגנווירקונג פון די ווירטשאפטלאכע פארהעלטנישן און אקטיווע מענשלאכע האנדלונ־גען פאַרמירט זיך ניט קיין צוקונפטס אידייאָלאָגיע, וועלכע פון איר זאָל ארויסוואקסן א צוקונפטס קולטור, נאָר פון די באציאונגען פון הויך־אנטוויקלטן קאפיטאַליזם פאָרמירט זיך א קלאסן־אידייאָ־לאָגיע. דאריבער האָבן מיר טאקע אין די וויכטיקסטע קולטור עלעמענטן א שארפע קלאסן צעטיילונג צווישן פּראָלעטארישן און בורזשואזנעם.

לויט די מיינונג פון קערזשענצעוו און זיינע אנהענגער, האָבן מיר היינט צו טאָג נאָך ניט קיין פּראָלעטארישע קולטור. ס'הייבט זיך אָבער, לויט קערזשענצעוון, אָן צו ווייזן סימאָנים אָדער די ערשטע שפּורן פון א קאָמוניסטישער קולטור. ער מאכט ביקלאל ניט קיין אונטערשייד צווישן פּראָלעטארישע און קאָמוניסטישע, ווייל דער פּראָלעטאריאט איז דאָך דער טרעגער פון דער נייער געזעלשאפט.

טראָצקי לייקנט אינגאנצן גאָר אָפּ די עקזיסטענץ פון דער פּראָלעטארישער קולטור, און אין זיין „ליטעראטור און רעוואָ־לוציע" זאָגט ער:

„קאָן דען דער פּראָלעטאריאט אין זיין קורצער צייט פון זיין הערשאפט פאָרמירן א פּראָלעטארישע קולטור.

אין דער איבערגאנגס עפּאָכע פארשווענדט דער פּראָלעטאַ־ריאט מער ענערגיע צו פארכאפן די מאכט, אָנצוהאלטן איר און איבערצובויען די געזעלשאפט, ווי אויף צו אנטוויקלען א קולטור".

„און אפילו דאן ווען דער פּראָלעטאריאט וועט זיך שוין באַ־פעסטיקן פּאליטיש און עקאָנאָמיש וועט אויך איר קולטור זיך ניט קאָנען באפעסטיקן אלס א פּראָלעטארישע, ווייל דאן וועט זיך דער ארבעטער קלאס אַלץ מער דערנענטערן צו א קאָמוניסטיש לעבן, מיט א קאָמוניסטישער קולטור. דאָס באווייזט אז דער פּראָלעטאַ־ריאט וועט קיינמאָל ניט קאָנען אויפבויען א פּראָלעטארישע קלאסן קולטור. דער פּראָלעטאריאט פארכאפּט נאָר די מאכט צוליב דער איינער אורזאך: אָפּצושאפן אויף שטענדיק קלאסן קולטורן און צו מאכן פּלאץ פאר א ריין הומאניטארע קולטור".

פון דער ציטאטע זעען מיר גאנץ קלאָר, אז טראָצקי לייקנט אָפּ די עקזיסטענץ פון א פּראָלעטארישער קלאסן־קולטור, און זעט

אַפילו גאָר ניט די מעגלאַכקייט פון איר שאַפונג. ער פאַרגעסט גאָר דערביי אַז ערשטנס שאַפן מענשן קולטור, ניט שטענדיק באַוואוסטזיניק און צווייטנס אַז מיר לעבן איצט אין אַ קלאַסן געזעלשאַפט וואו מיר האָבן אַ קלאַסן־קולטור און אַ קלאַסן־קונסט, און אַז די קלאַסן קולטור פונם אַרבעטער קלאַס באַצייכענען מיר אַלס פּראָלעטאַרישע קולטור.

לויט אונדזער מיינונג גיט סיי קערזשענצעוו און סיי טראָצקי ניט קיין מאַרקסיסטישע באַלייכטונג אין דער פּראַגע. ווייל מיר האָבן שוין היינט צו טאָג אַ פּראָלעטאַרישע קלאַסן קולטור, וועלכע דריקט זיך אויס דורך איר קלאַסן אידייאָלאָגיע סיי אין דער ליטעראַטור, מאַלעריי און פּאָעזיע, און סיי אין אַלע אַנדערע עלעמענטן פון דער מענשלאַכער קולטור, ווי: שטאַט, רעליגיע, פילאָזאָפיע, דערציאונג, א. ז. וו.

אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען דריקט זיך קערזשענצעוו אויס:

„יענע וואָס ציען אַ ליניע צווישן פּראָלעטאַרישע און קאָמוניסטישע קולטור באַטראַכטן די פּראָלעטאַרישע קולטור אַלס צייטווייליק געזעלשאַפטלאַך איבל, וועלכע וועט מוזן פאַרשווינדן מיטן אָנקום פון קאָמוניזם“.

יאָ, מיר באַטראַכטן טאַקע די פּראָלעטאַרישע קולטור אַלס פאַראיבערגייענדע, ווייל יעדער קולטור, פונקט ווי יעדע געזעלשאַפטלאַכע דערשיינונג איז פאַראיבערגייענד און געפינט זיך אין אַ שטענדיקן אונאויפהערלאַכן אַנטוויקלונגס פּראָצעס. אונדזער פּראָלעטאַרישע קולטור איז ווייט ניט קיין קאָמוניסטישע. די קאָמוניסטישע קולטור איז טאַקע אַ פאָרזעצונג פון דער פּראָלעטאַרישער, פונקט ווי די בורזשואַזנע קולטור איז אַ פאָרזעצונג פון דער קולטור אין דער פעאָדאַלער צייט. דאָס זיינען אָבער קולטורן וואָס שיידן צווישן זיך אונטער מיט גאַנצע געזעלשאַפטלאַכע עפּאָכעס. יעדע באַשטימטע געזעלשאַפטלאַכע קולטור איז אַ נאַטירלאַכע אַרויסוואַקסענדע פון אַ פריערדיקע, פונקט ווי דער קאָמוניזם איז אַ נאַטירלאַכער אַרויסוואוקס פונ׳ם הויך אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם.

מ׳קאָן אָבער אויך ניט זאָגן אַז אין אַלע פאַלן איז די פּראָלעטאַרישע קולטור אַן אַרויסוואַקסנדע פון דער בורזשואַזנער, ווייל זיי

האָבן זיך אין די מערסטע צווייגן קימאַט גלייכצייטיק אַנטוויקלט, מיט דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם.

נאָך די בורזשואַזנע רעוואָלוציעס פון די 48ער יאָרן, ווען די ליניע צווישן פּראָלעטאַריאַט און בורזשואַזיע איז געוואָרן אַלץ שאַרפער, אַלץ קלאָרער האָט זיך אויסקריסטאַליזירט די פּראָלעטאַרישע קלאַסן־אידייאָלאָגיע און באַווירקט צו דער פאָרמירונג פון אַ פּראָלעטאַרישע קולטור.

מיטן אויסברוך אָבער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע קומט נאָך ניט פאָר דער איבערגאַנג פון דער פריערדיקע פּראָלעטאַרישער צו דער קאָמוניסטישער קולטור., ווייל צומאָרגנס נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אַנטשטייט נאָך ניט די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט. די סאָציאַלע רעוואָלוציע און אויך די גאַנצע עפּאָכע פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור שאַפט אָבער אַ שטאַרקע פאַרטיפונג אין דער פּראָלעטאַרישער קולטור.

טראָצקי לייקענט אָפּ די עקזיסטענץ פון דער פּראָלעטאַרישער קולטור, ווייל אין דער עפּאָכע פון קאַמף איז דער פּראָלעטאַריאַט פאַרנומען אויפן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן פראָנט און האָט גאָר ניט קיין צייט זיך אָפּצוגעבן צו דער שאַפונג פון אַ פּראָלעטאַרישער קלאַסן קולטור., ער וועט שאַפן אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט אַ ריין הומאַניטאַרע קלאַסנלאָזע קולטור.

לויט אונדזער מיינונג לעבט און אַנטוויקלט זיך די פּראָלעטאַרישע קולטור אויך אינם גאַנצן לויף פון דעם קאַפּיטאַליזם, איר אַנטוויקלונג קומט פאָר מיט דעם אַלץ מער פאַרשאַרפטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט. זי לעבט נאָר אָבער בלויז אַלס מינאָריטעט קולטור, ווייל די בורזשואַזיע האָט נאָך בעאַיים איר דיקטאַטור אַ שטאַרקן איינפלוס אויף ברייטע מאַסן אַרבעטער.

מיטן אַריינטריט אין דער פאַזע פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, ווערט נאָך ניט באַלד געבוירן די נייע קאָמוניסטישע קולטור, ווייל פון דער פאַרכאַפּונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט ביז צו דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט געדויערט אַ געוויסע היסטאָרישע טקופע. און אָט אין יענער טקופע קומט פאָר אַ פאַרטיפונג אין דער פּראָלעטאַרישער קולטור, ווייל פונקט ווי דאָס

פּאָליטישע, ווערט אויך דאָס קולטורעלע לעבן באַהערשט פונ'ם פּראָלעטאַריאַט. און דערביי הערט זי אויף צו זיין אַ מינאָריטעט קולטור און ווערט אַלץ מער די הערשנדע קולטור.

און אָט אין דעם פּראָצעס פון פּארטיפּונג פון דער פּראָלע־טאַרישער קולטור ווערן געבוירן און אַנטוויקלען זיך די ערשטע קערנדלאַך פון דער נייער אַלמענשלאַכער קלאַסנלאָזער קאָמוניסטי־שער קולטור. אויף אַזאַ אויפן וואַקסט די קאָמוניסטישע קולטור אַרויס פון דער פריערדיקער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־קולטור.

מיר האָבן געזען, אַז די פּראָלעטאַ־רישע קולטור האָט געהאַט אירע ערשטע קערנער מיטן אָנפאַנג פון קאַפּיטאַליזם, און איז געקומען אַלץ מער צום אויס־דרוק מיטן פאַרשאַרפטן קלאַסן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, און לעבט אַלס מינאָריטעט קולטור אינם גאַנצן לויף פונם קאַפּיטאַליזם. און מיט דעם אַריינ־קומען אין דער פאַזע פון פּראָלעטאַרי־שער דיקטאַטור, קומט פאָר אַ פּאַרטיפּונג פון דער פּראָלעטאַרישער קולטור. און אין יענעם פּראָצעס ווערן געבוירן די ערשטע קערנדלאַך פון דער קלאַסנלאָזער קאָמוניסטישער קולטור.

טראָצקי, וועלנדיק אָפּלייקענען די עקזיסטענץ מעגלאַכקייט פון דער פּראָלעטאַרישער קולטור, זאָגט דערפאַר אין זיין „ליטעראַ־טור און רעוואָלוציע":

„מיר קאָנען ניט מאַכן קיין היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס צווישן דער אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט, ווייל די אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזנער קולטור האָט זיך נאָך אָנ־געפאַנגען אַ צייט פריער איידער די בורזשואַזיע האָט איבערגענו־מען די מאַכט".

יאָ, עמעס טאַקע, אַז די בורזשואַזנע קולטור האָט זיך נאָך אָנ־געפאַנגען נאָך איידער זי האָט איבערגענומען די פּאָליטישע מאַכט.

די בורזשואזנע קולטור האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט די ערשטע שפּורן פון קאַפּיטאַליזם, אין דער פריעסטער פעאָדאַלער צייט.

מיר קאָנען אָבער מאַכן אַ גאַנץ גוטע היסטאָרישע אַנאַלאָגיע, צווישן דער אַנטוויקלונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט און אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזיע, ווייל אויך די פּראָלעטאַרישע קולטור האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער פריעסטער צייט פון קאַפּיטאַליזם, און ספּעציעל נאָך די רעוואָלוציעס אין די 48ער יאָרן.

דעם ערשטן בייטראַג צו דער פּראָלעטאַרישער קולטור אינם אָנפאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט, האָט אונדז געגעבן אונדזער גרויסער לערער מאַרקס. ער האָט אונדז באַלד געגעבן אַ פּראָלעטאַרישע פילאָזאָפיע, אַ פּראָלעטאַרישע וועלט אַנשויאונג און אַ פּראָלעטאַרישע סאָציאַלע וויסנשאַפט. איז דען דער מאַרקסיזם ניט געווען דער וויכטיקסטער זייל אין דער פאָרמירונג פון אַ פּראָלעטאַרישער קלאַסן קולטור. דער מאַרקסיזם איז דאָך געבוירן געוואָרן אין דער פריעסטער צייט פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף.

די פּראָלעטאַרישע קולטור האָט זיך פון דאַן אָן אַלץ מער אַנטוויקלט אויף פיל אַנדערע געביטן פון מענשלאַכן צוזאַמענלעבן און מענשלאַכן שאַפן.

און דאָ ווייזט זיך אַרויס טראָצקיס ניט ריכטיקע אָנווענדונג פון אַ מאַרקסיסטישע באַלייכטונג אויף דעם קאָמפּליצירטן פּראָבלעם פון פּראָלעטאַרישע קולטור.

די בורזשואַזנע קולטור האָט זיך פּונקט ווי די ערשטע שפּראָצונגען פון אַלגעמיינעם קאַפּיטאַליזם זיך שוין באַוויזן אין די פריעסטע יאָרן פונם פעאָדאַליזם. איר פאַרטיפונג איז אָבער פאָרגעקומען אין און נאָך די בורזשואַזנע רעוואָלוציעס פון 18־טן יאָרהונדערט. דאָס זעלבע איז אויך מיט דער פּראָלעטאַרישער קולטור, זי האָט זיך אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען מיטן אָנפאַנג פון קאַפּיטאַליזם, וואו מאַרקס איז געווען איר ערשטער וויכטיקסטער באַגרינדער, און איר פאַרטיפונג קומט איצט פאָר אין און נאָך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

אויף אַזאַ אויפן זעען מיר, אַז מיר קאָנען יאָ ציען היסטאָרישע אַנאַלאָגיעס צווישן דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער און

בורזשואַזנער קולטור. און עס פּאַלט דאַריבער אָוועק דער גאַנצער טראַצקישער אַרגומענט.

א פּאַרטיפונג פון א באַשטימטער קלאַסן־קולטור קומט פאָר אין און נאָך אַ באַשטימטער רעוואָלוציע, דערפאַר וואָס דער אויפ־שטייג פון דער מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור קומט פאָר דורך אַן אונאויפהערלאַכן פּראָצעס פון פאַרענדערונגען אויף פאָר־אויס. אָט די פאַרענדערונגען זיינען ניט מער און ניט וויניקער ווי אַ גאַנצע רייע רעוואָלוציעס. אָט די רעוואָלוציעס זיינען ניט עפּעס אַנדערש ווי אָפּגעקירצטע פאַרענדערונגען פון דער געזעלשאַפט־לאַכער סטרוקטור. אויף אַזאַ אויפן איז די רעוואָלוציע די העכסטע שאַפונגס קראַפט פון דער קולטור, ווייל זי באַדייט די פּאַרטיפונג פון דעם געשיכטלאַכן פּראָצעס. די גאַנצע קולטור איז ניט עפּעס אַנדערש ווי די פאַרענדערונגען פון די געזעלשאַפטלאַכע פאָרמען פון צוזאַמענלעבן און קעגנווירקונגען.

מיר באַטראַכטן אָבער ניט די פּראָלעטאַרישע קולטור אַלס „ציטוויילעכן איבל" — ווי עס זאָגט אויף אונדז קערזשענצעוו — נאָר די פּראָלעטאַרישע קולטור, פּונקט ווי דער גאַנצער רעוואָלו־ציאָנערער קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט איז אַ היסטאָריש נויטווענ־דיקער און איז אין די אינטערעסן פון אַרבעטער קלאַס.

---

## נאָכבאַמערקונג

די קורצע אָפּהאַנדלונג איבער פּראָלעטאַרישע קולטור, איז ניט מער ווי אַנ'אַריינפיר צו אַ גרעסערע אַרבעט איבער דער פראַגע. אין דער קליינער אַרבעט איז אומעגלאַך געווען אַרומצונעמען אָט די זייער קאָמפּליצירטע פראַגע אין דער פולער ברייט. עס נויטיקן זיך דאָ פיל ציטאַטן אַלס אילוסטראַציעס צו באַשטעטיקן די אַרויס־געזאָגטע טעאָרעטישע מיינונגען. עס נויטיקן זיך דאָ פיל אויסצוגן פון דער געשיכטע פון ליטעראַטור און פּאָעזיע, פון דער אַנטוויקלונג פון דער מאַלעריי, פון טעאַטער, פון דער אַרכיטעקטור און פון פיל אַנדערע קונסט צווייגן, קעדיי קלאָר צו אילוסטרירן דעם קלאַסן כאַראַקטער פון די געזעלשאַפטלאַכע קולטורן. קעדיי צו באַווייזן, ווי אין לויף פון דער מענשלאַכער קולטור אַנטוויקלונג, האָט די

גאַנצע קולטור, ווי אויך די קונסט אַלס איר וויכטיקער באַשטאַנד טייל געטראָגן אַ קלאַסן כאַראַקטער.

ניט נאָר האָט די געזעלשאַפטלאַכע קולטור, און ספּעציעל די קונסט געטראָגן דעם כאַראַקטער פונ׳ם הערשענדן קלאַס, נאָר אויך די עקספּלואַטירטע קלאַסן האָבן געבויט און געשאַפן אַזאַ קולטור, וואָס איז געווען דער אויסדרוק פון דער אידייאָלאָגיע פון דעם אונ־טערדריקטן קלאַס. דער קלאַסן קאַמף אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענשלאַכער אנטוויקלונג האָט ניט נאָר געטראָגן אַנ׳עקאָנאָ־מישן אָדער פּאָליטישן כאַראַקטער, נאָר פון דעם עקאָנאָמישן אָדער פּאָליטישן כאַראַקטער פון דעם קאַמף, וואָס די אונטערדריקטע מאַסן האָבן געפירט אין אַלע געזעלשאַפטן זינט עס איז אנטשטאַנען אַ קלאַסן צעטיילונג — האָט אויך ארויסגעשטראַלט די קולטורעל עטישע זייט, וועלכע האָט אויך געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ קאַמף צווישן צוויי קולטורן פון דער געגעבענער געזעלשאַפט.

ניט בלויז דער מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט האָט זיין קלאַסן קולטור, וועלכע איז אַנ׳ארויסשטראַלונג פון דעם פאַרשאַרפטן רע־וואָלוציאָנערן קלאַסן קאַמף און פון דער צייט סוויווע, נאָר אין אַלע געזעלשאַפטן פאַרן קאַפּיטאַליזם האָבן די אונטערדריקטע קלאַסן געהאַט זייער קולטור, וועלכע איז געווען אַ מינאָריטעט קולטור, און פון איר האָט ארויסגעשטראַלט אַ לעבן פון אַ צוקונפטיקע געזעל־שאַפט. אָט די מינאָריטעט קולטור האָט שטענדיק געפירט אַ קאַמף קעגן דער הערשענדער קולטור. אָט דער קאַמף איז פאָרגעקומען אין אַלע געזעלשאַפטן פון פריוואַט אייגנטום ביז היינטיקן טאָג, און וועט זיך ציען ביז דער פאַרניכטונג פון אַ קלאַסן געזעלשאַפט.

דער קאַמף צווישן צוויי קעגנזעצלאַכע קולטורן, וועלכע איז אַנ׳ארויסשטראַלונג פונם קלאַסן קאַמף. האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטלאַכער קולטור, און אויך אין פיל קונסט עלעמענטן און קונסט שאַפונגען. אין דער עסיי זיינען די אַלע אויסצוגן פון דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור, פּאָעזיע, טעאַטער, מאַלעריי און פון פיל אַנדערע קונסט פאָרמען, וועלכע זאָלן דאָס אַלץ באַשטעטיקן און אילוסטרירן, ארויסגעלאָזט געוואָרן.

אויך דאָס קאַפּיטל „פּראָלעטאַרישע און קאָמוניסטישע קולטור", וועלכעס טראָגט אַ פּאָלעמישן כאַראַקטער, קעגן די ארויסגעזאָגטע

מיינונגען פון טראָצקי און קערזשענצעוו, איז נאָך גאַנץ ווייט ניט אויסגעשעפּט. טראָצקים באַגרינדונג פונ'ם אורשפּרונג און כאַראַק־טער פון פוטוריזם, ווי אויך אין אַלגעמיין די פראַגע פון פוטוריזם, נויטיקט זיך נאָך אין אַנ'ערנסטע קריטישע באַטראַכטונג. אויך קערזשענצעווס פאַרטונקלונג פון דער פראַגע פון פּראָלעטאַרישע און קאָמוניסטישע קולטור, נויטיקט זיך נאָך אין אַ פּיל ברייטערע באַלייכטונג.

איך באַרעכטיק זיך אָבער דערמיט וואָס איך באַטראַכט די עסיי, ניט אַלס פול אויסשעפּנדע און אַלץ ארומנעמענדע פון דער פּראַגע, נאָר אַלס אַנ'אריינפיר צו אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג, איבע וועלכן איך אַרבעט און דערוואַרט אז ס'זאָל אין קורצן דערשיינען.

* * *

אין דער אָנגעגעבענער ביבליאָגראַפיע וועט דער לעזער געפינען אַ רייכן טעאָרעטישן מאַטעריאַל איבער דער פראַגע, ווי עס ווערן ארויסגעזאָגט פיל מיינונגען, באַלויכטן פון פאַרשידענע שטאַנד־פּונקטן. אויך די ביבליאָגראַפיע איז ניט קיין אויסגעשעפּטע. פּיל דערשינענע מאַטעריאַלן זיינען צעשפּרייט און צעוואָרפן אין פאַר־שידענע צייטשריפטן, זשורנאַלן און צייטונגען.

* * *

די העברעאישע ווערטער זיינען דאָ אין דער נאַטירלאַכער אידישער אויסלייגונג.

# ביבליאָגראַפיע:


1. N. N.: Ueber Proletarische Ethic.

2. Maerten Lu: Historisch-Materialistisches ueber Vesen und Veraenderung der Kuenste.

3. Maerten Lu: Die Wirschafliche lage der Kuensler.

4. L. Trotzki: Literature and Revolution.

5. פּ. מ. קערזשענצעוו: די נייע קולטור.

6. " " " דאָס שעפּערישע טעאַטער.

7. " " " קאָמוניסטישע קולטור.

8. Bucharin: Theorie des Historischen Materialismus.
דייטשע איבערזעצונג זייטן: פון 1 ביז 17 און פון 215 ביז 236.

9. יעקב וואַסערמאַן: דאָס טעאַטער און דער סאָציאַליזם.

10. פּ. קאָגאן: געשיכטע פון די מערב אייראָפּייאישע ליטעראַטורן. (צוויי בענדער; אידישע איבערזעצונג.)

11. לונאַטשאַרסקי: קונסט און סאָציאַליזם (אידישע איבערזעצונג).

12. Upton Sinclair: Mamonart.

13. Emil Reich: Kunst und Moral.

14. ל. לעהרער: די פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור זייטן: 215 ביז 225.

15. L. Tolstoy: What Is Art.


